מיניאַטור־ביבליאָטעק 3

ל. דאמאנקעוויטש

# צעשאָטענע קערנער

עסייען

תשכ"א פאריז 1961

אלוו. יידישער קולטור־קאנגרעס אין פראנקרייך

L. Domankewicz : « Tzechotene Kerner » (« Graines dispersées »)
Essay

ל. דאָמאַנקעוויטש — צעשאָטענע קערנער — עסייען — דערשינען אין דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק" פון קולטור־קאָנגרעס אין פראַנקרייך — נר' 3, פאַריז 1961.

« COULTOURE CONGRESS »
36, rue Amelot — PARIS (11e)

Abece, 176, quai de Jemmapes, Paris-10e.

# א וואָרט וועגן מחבר

אין דעם יידישן פּאַריז איז ל. דאָמאַנקעוויטש ערשט אויפֿ־
געקומען ווי אַ שרייבער. פֿון די ייִנגסטע יאָרן אָן, אין דער
אַלטער היים, האָט ער געלעבט אין דער ליטעראַרישער סבי־
בה. אָבער ערשט דאָ זיך אַנטפּלעקט — נאָך דעם גרויסן
חורבן.

און געקומען איז ער מיט אַן אָנגעלאָדן וואָרט.

וואָרצלענדיק אין יידישער גייסטיקייט, דינט זיין פֿעדער דעם
יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק. געגייגט צו פּראָבלעמאַטישער פֿאַר־
טיפֿונג, זוכעריש־דענקעריש, קומט ער צו אַן אייגענער אויפֿ־
פֿאַסונג.

זיין בוך „פֿון אַקטועלן און אייביקן" האָט אין אונדזער לי־
טעראַטור אים געגעבן זיין בכבודיקן אָרט אַלס עסייאיסט און
ליטעראַטור־קריטיקער.

„צעשאָטענע קערנער" איז אַ באַשיידענע זאַמלונג פֿון עלף
עסייען, געשריבן פֿאַר די לעצטע צען יאָר ביי פֿאַרשידענע
געלעגנהייטן. זיי זענען געטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען. די
ערשטע — „אין שפּיגל פֿון כלל" — פּראָבלעמען פֿון אַן
אַלגעמיין יידישן כאַראַקטער, אין און אַרום אונדזער סביבה.
די צווייטע — „אין שפּיגל פֿון יחיד" — וועגן פֿינף שריי־
בער, פֿון וועמענס שאַפֿן דער מחבר באַהאַנדלט נאָר געוויסע
אַספּעקטן, נישט פּרעטענדירנדיק אַרומצונעמען די פֿולע שריי־
בערישע געשטאַלטן. די זעקסטע עסיי, די לעצטע, איז וועגן
דעם קינסטלערישן וועג פֿון טשאַרלי טשאַפּלין.

אַלע עסייען פֿאַרבינדט איין כאַראַקטעריסטישער שטריך —
געדאַנקלעכע פֿאַרטיפֿונג פֿון באַהאַנדלטן אָביעקט.

מ. וו.

# אמת און טענדענץ אין דער געשיכטע



ון צייט צו צייט אַנטוויקלט זיך אין דער פרעסע בכלל, און אין דער יידישער בפרט, אַ וויכוח וועגן די טענדענצן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.. ווערן אַרויסגערוקט פאַרשידענע טענות. קומט איינער צו אַזאַ און אַ צווייטער צו אַן אַנדערן אויספיר. ווערט געזאָגט, אַז אונדזער צוקונפטיקע געשיכטע קען נישט אָנפאַרטרויט ווערן די פראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער ווייל... זיי זענען אַלע ליגנער, פעלשערס און שטייען אין דינסט פון די מאַכטן פאַר וועלכע זיי שרייבן די געשיכטע.

ענטפערט אַ צווייטער — פאַרוואָס עפּעס די צוקונפט? פאַרוואָס איז עס נישט אַזוי אויך בנוגע דעם עבר? אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט מען געשריבן געשיכטע טענדענציעז, מען האָט די פ אַ ק ט ן קאָמענטירט, אַזוי ווי עס האָט געלוינט פאַר די פערזענלעכע אינטערעסן, אָדער פערזענלעכע נייגונגען פון הערשער אָדער געשיכטע שרייבער. און אַפילו די פאַקטן אַליין האָט מען צ ע ד ר יי ט אָדער איבערגעגעבן אין פאַרשידענע וואַריאַנטן, וואָס זענען איינע די אַנדערע סותר.

די פּאָלעמיקעס שווימען נישט אַרוים סתם אַזוי. עס איז די טעמע פון אונדזער צייט. מיר זענען עדות פון אויסערגעוויינלעכע געשעענישן און מיר זעען, ווי די געשעענישן ווערן קאָמענטירט און אַנאַליזירט, ווי

אַזוי זיי ווערן אין די אויגן ממש פאַרדרייט, געפעלשט און טענדענציעז קאָמענטירט.

דאָס כלל־לעבן, לעבן פון פעלקער און פון דער געזעלשאַפט, האָט פונקט ווי דאָס לעבן פון יחיד תקופות פון סטאַגנאַציע, פון סטאַבילקייט, פון אַ רואיקן פליסן, און תקופות פון אויפברויז פון איבערקערענישן פון צע־פלאַמטע ליידנשאַפטן און צעהיצטער פאַנטאַזיע. אין אַזעלכע תקופות אַרבעט די געשיכטע אינטענסיווער, מיר טאַפּן זי ממש אָן מיט די הענט. מיר זעען ווי זי וועבט זיך, מיר שטייען, אַזוי צו זאָגן, נאָענט צו איר לאַבאָראַטאָריע. מיר זעען דעם מעכאַניזם ווי זי אַנטוויקלט זיך און ווי אַזוי זי שרייבט זיך. מיר זעען במילא אויך די טענדענצן, מיט וואָס זי קומט צום ווייטערן לעבן און וואָס זי באַהאַלט. מיט וואָס זי פּוצט זיך און וואָסערע גאַרדעראָבע זי לאָזט איבער צווישן די פאַרלעגענע מלבושים.

שטייט די פראַגע : איז פאַראַן אַן אָביעקטיווע ערלעכע געשיכטע, אָדער איז דאָס וואָס מיר רופן נאַציאָנאַלע געשיכטע, מענטשלעכע גע־שיכטע, געשיכטע פון רעוואָלוציעס און באַוועגונגען אַ קייט פון סוביעק־טיווע טענדענצן, פעלשונגען און פאַרדרייאונגען פון פאַקטן, אָדער אין בעסטן פאַל טענדענציעז קאָמענטירטע געשעענישן און פאַקטן ?

אין דער אמתן איז מוטל בספק דער גאַנצער ענין פון פאַרגאַנגענער געשיכטע. יעדע געשיכטע איז איצטיק. זי ווערט קעגנווערטיק גע־שריבן פון דור וואָס לעבט זי איבער און זי ווערט שפּעטער רעווידירט לויט דער דערפאַרונג פון שפּעטערע געשיכטע־שרייבער. אין אַלעם, וואָס מיר לייענען, לעזן מיר אַרויס אונדזער אייגן לעבן. נישט בלויז געשיכטע שרייבערס פעלשן געשיכטע, נאָר אויך געשיכטע לייע־נערס פעלשן זי כסדר. מיר לייענען און קוקן מיט „היינטיקע" אויגן. און יעדער דור האָט זיינע היינטיקע אויגן.

און אגב איז עס גאָרנישט אַזוי פאַלש צו קוקן מיט היינטיקע אויגן אויף פאַרגאַנגענע געשעענישן. עס איז גאָרנישט פאָרגעקומען אַזעלכעס, וואָס זאָל גרונטלעך און וועזנטלעך ענדערן די פּסיכיק און מענטאַליטעט פון מענטש.

ווען עס וואָלט אַנדערש געווען, וואָלטן מיר דאָך נישט אומשטאַנד

געווען צו פֿאַרשטיין אָדער צו פֿילן די ווערטער פֿון די נביאים, די פֿי־לאָזאָפֿיע פֿון אַ פּלאַטאָן, דעם פּעסימיזם פֿון אינדישן נירוואַנאַ. אָבער מיר פֿילן זיי יאָ און פֿאַרשטייען זיי. אַ סימן אַז עס ציט זיך אַן איינ־הייטלעכער פֿאָדעם פֿון מענטשלעכן כאַראַקטער איבער דער גאַנצער גע־שיכטע פֿון מענטשלעכע מעשים און מחשבות.

די פֿראַגע צי עס איז פֿאַראַן אַן אָביעקטיווע געשיכטע שטעלט זיך דעריבער איבערהויפּט נישט. מיר זענען אינדיווידועל גענומען טענדענציעז און מיר זענען עס קאָלעקטיוו.

די ייִדישע געשיכטע האָט פֿון זיך אויסגעשניטן די תקופֿה פֿון קריסטנ־טום און מיר מוזן זי גיין זוכן ביי אונדזערע שונאים, וואָס זענען אוודאי געווען טענדענציעז.

מיר האָבן די חשמונאים נישט אַריינגענומען אין תנ״ך. מיר מוזן אָנקומען צו אַפּאָקריפֿן און שפּעטער רעווידירטע מכבי־געשיכטעס. דאָס זעלבע די געשיכטע פֿון די צעזאָרן. בלויז עטלעכע רוימישע געשיכטע שרייבערס (פֿון זיי אפֿשר וויכטיקסטער און ערלעכסטער סועטאָן) האָבן זיך דערהויבן צו דער מדרגה פֿון געבן אַן אמת בילד פֿון זייערע טיראַנען, אָבער אויך דער אמת איז טענדענציעז און מיר ווייסן, אַז אַ טייל פֿון זיי זענען פֿון די טיראַנען באַעוולט געוואָרן און די פּערזענלעכע עוולות האָבן פֿון זייערע געשיכטעס אַרויסגערעדט.

אין אונדזערע צייטן זענען מיר עדות פֿון אויסערגעוויינלעכע, מיט די ראַפֿינירטסטע מלוכה־מיטלען, אָרגאַניזירטע פֿעלשונגען פֿון דער רוי־סישער רעוואָלוציע, די נעמען פֿון די ערשטע אַרויסרופֿער און אָרגאַני־זירער פֿון דער גרעסטער רעוואָלוציע אין דער וועלט־געשיכטע ווערן אָדער פֿון איר אַרויסגעוואָרפֿן און פֿאַרשוויגן אָדער געשטעמפּלט אַלס אירע פֿאַררעטער. און ביי געוויסע ענדערונגען פֿון אַ פּאָליטישער קאָניונקטור, ווידער רעהאַבּיליטירט. פּונקט אַזוי ווערט דאָס אָרט פֿון נעכטיקן אַבסאָלוטן הערשער איבערגערוקט אין דער געשיכטע דורך די, וואָס האָבן אַ טענ־דענץ זי צו רעווידירן.

אָבער פּונקט אַזוי ווי מיר נעמען היינט צונויף ראַבעספּיער און דאַנ־טאָן און מיר מאַכן צווישן זיי אַ געשיכטלעכן שלום, דאָס הייסט, מיר וואַרפֿן אויף זיי אָן אונדזער היינטיקן טענדענציעזן קוק, אַזוי וועט

אויך די צוקונפט ווילן צו פאַרבינדן מיט אַ שותפות־געפיל די, וואָס האָבן די רעוואָלוציע באמת געפלעגט, אַרויסגערופן און אָרגאַניזירט צוליב אַן אמתן אָדער אילוזאָרישן הומאַניזם, און אונטערשיידן פון די, וואָס האָבן זיי מיט אַ ביטערער אכזריות רעווידירט פאַר דעספּאָטישע מאַכט אינ־טערעסן.

די געשיכטע איז פול מיט טענדענצן מיט פאַרדרייאונגען און פעלשונגען. עס קומען אָבער אַנדערע טענדענצן, פון דער ליידנשאַפט פון דער תקופה אַרויסדרינגענדיקע קאָמענטאַרן, וואָס שטעלן צוריק אַ היס־טאָרישע גלייכגעוויכט.

דאָס איז נישט קיין אַרבעט פון אַן אָביעקטיוון אמת, נאָר אַ המשך פון דער געשיכטע אַליין, וואָס רעווידירט זיך כסדר מיט „היינטיקע" אויגן, און היינטיקע אויגן פאַרריכטן דאָס פאַרגאַנגענע און פעלשן דאָס היינטיקע.

מיר ווייסן היינט אַ סך מער אמת וועגן דער געשיכטע פון די פריערדיקע דורות. להיפך דער געשיכטע פון די לעצטע רעוואָלוציעס וועט מען ווייסן אין די שפּעטערדיקע דורות מער אמת. אין דיאַלעקטישן וויכוח, צווישן די פאַרשידענע טענדענצן, וועט דער אמת זיך אַנטפּלעקן, ווי די היסטאָרישע סינטעזע.

אָבער וועט דאָס טאַקע זיין דער „ריינער" אמת, עס וועט זיין דער אמת פון דער צייט. דער אָביעקטיוו־סוביעקטיווער אמת פון דער גע־שיכטע.

# דאס קול
# פון יידישן מאנער



לע אָנגעצויגענע סטרונעס פון דעם איבער די ברעגעס אויסגעפולטן גרויסן אַמפּיטעאַטער „רישעליע“ פון דער פּאַריזער סאָרבאָנע האָבן אַ וויבריר־געטאָן, ווען די קלאָרע קלינגענדיקע שטימע פון אַלטן מאַן האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער : „לויט מיין עלטער האָב איך שוין באַדאַרפט שווייגן און זיכער רעד איך אין דער עפנטלעכקייט צום לעצטן מאָל“...

ניינציק פּראָצענט פון זיינע הערער זענען זיכער געווען יידן. אָבער אין די ערשטע רייען האָט מען געקענט זען קעפּ פון קריסטלעכע געלערנטע און פון גייסטלעכע און אויפן זאַל אויך הייליקע שוועסטערן. אַלע איבעררייסן אָפּט די רייד פון זקן מיט אַפּלאָדיסמענטן, מיט שאָקלען די קעפּ צו אַפּראָבאַציע און טיילמאָל אויך מיט גרימאַסן פון זשענירונג, אָבער תמיד דריקן אַלע פּנימער אויס אָנשטרענג פון ערנסט און אַלע אויערן זענען אָנגעשפּיצט מיט שפּאַנונג און אינטערעס צו די רייד פון שטראָפער און באַשולדיקער.

דער דאָזיקער רעדנער, וואָס האָט צענדליקער יאָרן געלערנט מע־רערע דורות פראַנצויזן זייער אייגענע געשיכטע, קנעלט איצט מיט זיי דורך שריפט און וואָרט, אין לויף פון 15 יאָר, די געשיכטע פון זיין שטאַם, וועלכע ער צווינגט זיי צו הערן מיט פאַרפלאַמטע פּנימער.

דער דאָזיקער אַלטער מאַן איז זשיל איזאַק.

די טעזע פון זשיל איזאַק, געוועזענער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון פראַנצויזישן שול־וועזן אין משך פון פיל יאָרן ביז צו דער ווישי־תקופה, איז אַלגעמיין באַקאַנט:

דער באַרבאַרישער, טעווטאָנישער ראַסיזם איז אין זיין תוך געווען אַזוי אַנטי־קריסטלעך ווי אַנטי־סעמיטיש, אָבער אין דער הילף און אין דעם נאָכפאָלג, וואָס ער האָט געפונען ביי אַלע המונים פון די אייראָפּע־אישע פעלקער, ליגט די שולד פון דער קירכלעכער השפעה, וואָס האָט כסדר און פערמאַנענט פון דור צו דור, פון טאַטע צו קינד, געזייט און געפלאַנצט שנאה און פאַראַכטונג צום פאָלק, וואָס האָט זיי געגעבן אַ גאָט און וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלק „גאָטס־מערדער“.

מען וועט פרעגן, זאָגט דער רעפערענט: האָט דען נישט עקזיסטירט קיין פאַר־קריסטלעכער יידן־האַס?

און ווו איז די שקלאַפעריי פון מצרים, וועגן וועלכער עס דערציילט שוין די תורה? און ווו איז די פּאָגראָם־שרעק אין די צייטן פון פערסיע, וועגן וועלכער עס באַריכטעט מגילת אסתר? און ווו איז דער גרויסער אַנטיסעמיטיזם פון אַלעקסאַנדריע אין די צייטן פון פילאָן? די בלבולים וואָס דער גריך אַפּיאָן האָט אין יענע צייטן שוין געמאַכט אויף יידן? (דער היסטאָריקער פון די צייטן פון חורבן בית שני, פלאַוויוס, האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַן אַנטי־אַפּיאָן שריפט — ל. ד.). און ווו זע־נען די אונטערדריקונגען פון פאַר דער חשמונאים־צייט, אויף וועלכע די מכבים האָבן געענטפערט מיט אַן אויפשטאַנד? און ווו זענען די רדיפות פון די צעזאַרן?

אָבער אַלע זענען זיי געווען — ענטפערט דער היסטאָריקער — לאָקאַליזירט און איבעריקנס, אַן ענטפער אויף אַ רעאַלער יידישער פּאָ־ליטיש־מיליטערישער מאַכט. דאָס זענען נישט געווען קיין אונטערדריקונ־גען נאָר מלחמות. (אַ חוץ אין פּרס ומדי, וואָס איז אינגאַנצן היסטאָריש נישט באַוויזן).

די העלענער און די רוימער האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ זייער גרויסן ווידערשטאַנד מצד יידן, וואָס האָט באַדראָט די עקזיסטענץ פון

זייערע אימפּעריעס. סיי פאַר דער קריסטלעכער ערא, סיי נאָך איר אָנ־הויב זענען פאָרגעקומען גרויסע רעוואָלטן אין ישראל, וואָס האָבן זיך אַפילו אויסגעשפּרייט אויף געוויסע אינדזלען פון רוימישן באַזיץ און האָבן אָנגעהויבן אונטערגראָבן דעם אָנזען פון רוים; און אין אַלעק־סאַנדריע האָט די יידישע עקאָנאָמישע מאַכט באַדראָט דעם העלעניש־רוימישן קאָלאָניאַליזם.

און ביי דעם אַלעם האָבן די יידן, וואָס זענען שוין אין יענע צייטן געווען פונאַנדערגעשפּרייט איבער די לענדער פון דער רוימישער אימ־פּעריע, גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס די צעזאַרן האָבן זיי געגעבן.

ראַדיקאַל האָט זיך די לאַגע געענדערט זינט דאָס קייזערלעכע רוים פון קאָנסטאַנטין איז איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום. צו געווינען די געצנדינערישע מאַסן, האָט זיך דאָס קריסטנטום אָפּגעזאָגט פון שבת און פון אַלע געזעצן פון דער תורה. דער צופלוס פון יידן צום קריסטנטום האָט זיך דעמאָלט אָפּגעשטעלט, ווייל עפּעס ערגערס ווי אָפּזאָגן זיך פון גע־זעץ פון דער תורה, האָט ביי קיין שום ייד נישט עקזיסטירט, אַפילו ביי די, וואָס האָבן אָנערקענט דעם נוצרי אַלס משיח.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די איזאָלירונג פון יידן, די פאַר־פאָלגונגען און דאָס דערנידעריקן זיי צו דער מדרגה פון פּאַריאַס.

פון 11־טן יאָרהונדערט אָן, פון די צייטן פון די קרייצצוגן, ווען נייע היידנישע מאַסן האָבן אָנגעהויבן צופליסן צום קריסטנטום, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט זיך שטאַרק אָריענטירט אין אונטערשיד צווישן יידנטום און קריסטנטום, צווישן דער סינאַגאָגע און דער קירך, האָט די קירך, כדי אָפּצוציען די צוגעפלאָסענע מאַסן פון יידנטום, נאָך מער פאַרשטאַרקט די רדיפות און די דערנידעריקונג דורך בלוט־בלבולים, שאַנד־אָפּצייכענונגען און שפּעטער געטאָאָס פאַרן „פאָלק עדות", וואָס האָט אָפּ־געוואָרפן די אמונה אין גאָטס־זון און באַדאַרף דערפאַר צוזען זיין שאַנדע.

זשיל איזאַק גיט דאָ אַלע תחבולות, וואָס די קירך האָט צוגעטראַכט, אַלע טעמעס, וואָס זי האָט אַנטוויקלט, כדי צו פאַרוואָרצלען די שנאה און די פאַראַכטונג צו יידן פון דור צו דור.

דער באַרבאַרישער נאַציזם האָט געטראָפן אַ גוט־צוגעגרייטן באָדן און האָט זיינע מעשים געטאָן אויף קריסטלעכער ערד.

און ווי דערשטוינט ווערן אַלע אין זאַל, ווען דער גרייז־גרויער זקן ציטירט פון נייע קריסטלעכע האַנט־ביכער, שוין דערשינענע אין פראַנקרייך און אין איטאַליע לעצטנס, ווען 15 יאָר נאָך אוישוויץ חזרט מען איבער אַלע בלבולים וועגן „דעגענערירטן פאָלק אָן גלויבן", וועגן די גאָטס־מערדער, וואָס זענען שוין אין די צייטן פון יעזוסן געווען פאַרדאָרבן.

דער רעדנער דערמאָנט דערנאָך די אויפגאַבן פון דער געזעלשאַפט פאַר קריסטלעך־יידישער פריינטשאַפט. ער דערמאָנט דעם זשעסט פון היינטיקן פויפסט, וועלכער האָט אָפגעשאַפט געוויסע פסוקים אין די תפילות פון הייליקן פרייטיק, וואָס האָבן באַליידיקט יידן און ער רופט די געוויסנהאַפטע קריסטן צו געדענקען, אַז די קריסטלעכע שנאה האָט דערפירט צו אוישוויץ.

אין מאָמענט, ווען עס וואַרפט זיך, ווי פון זיך אַליין, אָן דער פאַרגלייך צווישן דעם עלטסטן יידישן קעמפער און דעם יונגסטן, וואָס ביידע האָבן זיי געשווירן נישט צו פאַרגעסן אוישוויץ און דערביי האָבן זיי געקעמפט אין דער פראַנצויזישער שפראַך מיט די מיטלען, וואָס זענען אים אייגן, מיר מיינען נאַטירלעך דעם יונגן שוואַרץ־באַרט, אין דאָזיקן מאָמענט רייסט זיך טאַקע פון מויל פון היסטאָריקער־קעמפער אַליין אַרויס דער פאַרגלייך און ער ציטירט דעם מחבר פון „דער לעצטער צדיק", ווי אַ ביישפיל פון מוט.

דער גאַנצער זאַל אַקצעפטירט דעם פאַרגלייך דורך רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

עס בלייבט בלויז אויסצודריקן דעם ווונטש, וואָס דער רעדנער אַליין האָט אויסגעדריקט, אַז די דאָזיקע ווערטער זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין מעשים און זאָלן געפינען זייער עכאָ ווייט איבער די ווענט פון דער סאָרבאָנע.

# דער נס
# פון ווידערשטאַנד



ין דער שוואַרצער ערב־פּסח־נאַכט 1943 אין וואַרשעווער געטאָ, האָט דער טויט נישט איבערגעהיפּערט די יידישע שטיבער; ער האָט נישט באַשמירט מיט בלוט די ביישטידלען פון יידישע הייזער זיי אויסצומיידן; אַלע יידישע הייזער זענען שוין געווען וויסט, חרוב און פאַרברענט; און די חורבות פון יידישע היימען זענען געווען אויסגעשמירט מיטן בלוט פון זייערע איינוווינער.

עס האָבן דעמאָלט די יידן נישט געברענגט קיין קרבן־פּסח פאַר זייער אויסלייז, נאָר זיך אַליין האָבן זיי געברענגט אויף דער עקדה, זייערע אייגענע לעבנס — ווי אַ קרבן־פּסח פון לעצטן אויסלייז.

קיין נסים זענען דעמאָלט נישט געשען.

אָבער איז דען דער ווידערשטאַנד גופא נישט געווען דער גרעסטער נס פון אַלע צייטן?

לאָמיר דערמאָנען די טרויעריקע אומשטענדן:

דאָס יידישע וואַרשע, דער צענטער פון דער יידישער גייסטיקייט אין אייראָפּע פון אַזוי פיל דורות, איז אַרומגעצוימט מיט הויכע מויערן. אין דרויסן וואַכט ביי אַלע טויערן איין איינציקער שומר — דער טויט.

דער געוויינטלעכער, אַזוי איינטעניקער מלאך המוות איז געוואָרן זייער דערפינדעריש, האָט אָנגענומען אומצאָליקע פנימער און צורות, האָט אויסגעשפּרייט אָן אַ שיעור נעצן, אומעטום האָט ער זיינע שלי־חים: דעם הונגער, די קעלט, די דאַכלאָזיקייט, דעם טיפוס, דעם מסור, דעם כאַפּער.

עס איז שוין כלו כל הקיצין. קינדער וואַלגערן זיך אין די גאַסן געשלאָגענע פון אַלע מינים פּגעים און נגעים. עלטערן פאַרשווינדן, יוגנט קומט אַוועק און בלויז הייפלעך פון מענטשלעכע שאָטנס וואַרטן אויפן לעצטן מאַרש...

דער פיינט טריאומפירט, ער שפּאָט, אַ שפּיל ביי אים אַזאַ. ער כאַפּט קרבנות ווי מען כאַפּט פליגן; ווי נאָר ער שטרעקט אויס זיינע לאַפּעס, צעדריקט ער פולע גאַרשקעס. און דאָס געטאָ קאָרטשעט זיך אין ווייען און שרומפּט. יעדן טאָג אַלץ ווייניקער, יעדן טאָג אַלץ קלענער. נאָך אַ שטיקל צייט, אפשר נאָך בלויז עטלעכע טעג און עס וועלן שוין אפילו קיין פליגן נישט זיין צום כאַפּן.

דער גראָבער, אָנגעפרעסענער ס. ס.־מאַן, זיינע אוקראַאינישע און ליטווישע קנעכט וועלן באַלד נישט האָבן מיט וועמען זיך צו פאַרווייל־ן.

אין וואַרשעווער געטאָ זענען שוין בלויז געבליבן די לעצטע פון די לעצטע, אַ „מאַטעריאַל" שוין אפשר בלויז אויף איין „אַקציע". מען וועט זיי צונויפטרייבן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ", מען וועט זיי פאַרלאָדעווען אין וואַגאָנעס. אין טרעבלינקי. אין מיידאַנעק, אין אוישוויץ וועלן ברע־נען אַלע אויוונס — און אַלץ וועט זיין פאַרענדיקט.

אַלץ איז נישט געווען פאַרענדיקט.

דאָ איז געקומען דער גרויסער נס, דער נס פון ווידערשטאַנד.

שקעלעטן האָבן זיך באַצויגן מיט הויט, שאָטנס האָבן אויפגעלעבט. רעשטלעך פון פאַרפייניקטע זענען אויפגעשטאַנען קעגן אומצאָליקע הער־דעם, אומבאַוואָפנטע קעגן באַוואָפנטע, אַנטמענטשלעכטע צורות האָבן צוריק באַקומען אַ מענטשלעכע, אַ געטלעכע צורה און דער שונא האָט מער נישט געהאַט פאַר זיך אויסצופירן אַקציעס, נאָר צו פירן אַ מלחמה.

נישט קיין פּליגן־כאַפּעריי, נאָר אַ רעגולערע שלאַכט, אין וועלכער מען באַצאָלט מיטן לעבן פאַר אומברענגען יידישע לעבנס.

וואָכן גאַנצע האָט דאָס הייפעלע שקלאַפן, אינערלעך באַפרייטע, זיך געראַנגלט מיט רער הונדערטפאַכיקער איבערמאַכט פון אכזריותדיקן שונא,

די מאַכט פון באַרבאַר איז דורך אַנדערע, שטאַרקערע געבראָכן געוואָרן. זי איז געבראָכן געוואָרן דורך דעם בשותפותדיקן אָנשטרענג און בשותפותדיקן כוח פון אַלע צו פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט זיך רייסנדיקע פעלקער, אָבער דעם סיגנאַל צו ווידערשטאַנד, דעם רוף זיך צו ווערן קעגן דער רויער איבערמאַכט פון די טעמפּע באַרבאַרן איז צו דער גאַנצער ליידנדיקער אייראָפּע געקומען פון די העראָאישע הייפלעך פון קעמפנדיקן וואַרשעווער געטאָ.

דורך זיי, די געטאָ־קעמפער, איז דער פּחד פאַר די באַרבאַרן צו־ערשט געבראָכן געוואָרן, דורך זייער מוט און העלדישקייט איז אויפגע־גאַנגען איבער דער גאַנצער וועלט דער רוף זיך אַקעגנצושטעלן, דער אָפּעל צו באַפרייאונג.

אה, מיר פאַרקלענערן נישט די גרויסקייט פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, פון די מיליאָנען קרבנות, וואָס זענען שטום, אָן פּראָטעסט, געגאַנגען צו דער קרעמאַטאָריע־עקדה; מיר בויגן די קעפּ פאַר דער הייליקער אומ־שולד, פאַר יענע גרויסע פּאַסיווע ווידערשטענדלער, וואָס האָבן אויף זיך גענומען דעם דורותדיקן יידישן גורל, מיט דער אייביקער יידישער רע־זיגנאַציע. דעם אָנדענק פון יענער גרויסער אַנאָנימער מאַסע, וואָס האָט מיט אַזוי פיל הייליקער געדולד אַריבערגעטראָגן יסורים און פּיין אָן אַ נאָמען און אָן אַן אַ קרעכץ, וועלן מיר קיינמאָל נישט אָפּטאָן פון אונ־דזער פאָלקס־זכרון; אָבער מיט שטאָלץ און מיט טרייסט וועלן מיר פון דור צו דור איבערגעבן וועגן דער אַקטיווער גבורה, וואָס האָט אויפגע־וואַכט ביי די לעצטע, וועגן זייער גרויסן קידוש השם, ווי אַ באַוווסטזי־ניקער נאַציאָנאַלער אַקט, ווי אַ בכוונהדיקער קאָלעקטיווער קרבן־פּסח, ווי אַ סימבאָל און שיינשפּיל פאַר אַלע צייטן.

ניין, נישט אַז אונדזער כבוד זאָל האָבן באַדאַרפט געראַטעוועט צו ווערן, נישט אַז די אומגעקומענע מיליאָנען אין פּאַסיוון ווידערשטאַנד

זאָלן מיט עפּעס האָבן געמינערט פון יידישן כבוד. חלילה, אונדז צו טראַכטן אַזוי. זיי, די מיליאָנען פון פּאַסיוון קידוש השם, האָבן נישט בלויז מיט זייער טויט געהייליקט דעם יידישן כבוד, נאָר שוין פריער, מיט זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, מיט זייער טאָג־טעגלעכער יידישקייט אין די שטעט און שטעטלעך אין דלות און אין פיינטשאַפט און פאַרשפּאָטונג פון שכן איז זייער לעבן געווען אַ צוגרייטונג צו אַ טויט פון קדושים.

אָבער דער אַקט פון ווידערשטאַנד איז פאַרן יידישן פאָלק אין גאַנצן גענומען די קאָנקרעטיזירונג פון קידוש השם, דאָס ממשותדיקע, דאָס, וואָס לאָזט זיך וועגן און לאָזט זיך מעסטן אין געשיכטלעכע ראַמען.

די גיבורים פון געטאָ האָבן נישט באַדאַרפט מיט זייער אַקטיוון טויט ראַטעווען די פּאַסיווע ווידערשטענדלער, וואָס האָבן מיט זייער לעבן און מיט זייער טויט אַקצעפּטירט זייער דורותדיקע יידישע געדולדיקע מסירת נפש, אָבער זיי האָבן באַדאַרפט ווערן און זענען געוואָרן דער ממשותדיקער אויסדרוק פון זייער שטומען ווידערשטאַנד.

מיטן פייערן יאָר־יערלעך די גרויסע יאָרצייט פון געטאָ דורך אירע קעמפער, גיבן מיר אַ תיקון און אַן אויסדרוק אַלע פאַרפייניקטע און אומגעקומענע מיט אַלע מינים טויטן און די אַלע יאָרן פון דריטן חורבן. אין דער אַקציע פון די קעמפער לייגן מיר אַריין אַלע כוונות פון די ליידנדיקע, אַלע זייערע אויסגעדריקטע און נישט אויסגעדריקטע פּראָטעסטן פון וואָס די קאַמפן פון פסח 1943 זענען געוואָרן אַ סימבאָל און אַ געדעכעניש לדור דורות.

# פאלקס-אחריות פאר געשיכטע



ס ווערט דאָך מוזן קומען דער מאָמענט, ווען מיר וועלן אַריבערגיין פון אינדיווידועלער איבערלעבונג צו קאָלעקטיווער — צו געשיכטע; דער דור, וואָס טראָגט דעם צאַפּלדיקן האַרצוויייטיק, דעם טיפן טרויער אין זיך, ווערט פאַרשווונדן, עס ווערט דעמאָלט פאַרשווונדן דער יחידישער טרויער, דער, וואָס האָט זיך אינדיווידועל איבערגעגעבן פון די פּאַרטיקולערע טאַטעס, ברידער און שוועסטער צו זייערע נאָענטע און עס ווערט בלייבן דער טרויער פון אַ פאָלק אויף זיין אומגליק, אויף זיין נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד פאַרלייכטערט פסיכיש דעם דאָזיקן איבערגאַנג.

דער שונא האָט אונדז נישט פאַרגונען קיין שום מענטשלעכע פאָרם פון טויט, ער האָט אים אַנטמענטשלעכט און דער עיקר — אַנטפּאָלקט. ער האָט אין זיין ראַפינירטער שנאה און אכזריות געוואָלט אָפּנעמען ביים קרבן יעדע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פאָרם פון אומקום.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט דעם מאַסן־קרבן צוריקגעגעבן אַ מענטשלעכע און פאָלקישע פאָרם פון טויט, פון מלחמה, פון געראַנגל און אָפּגעזען פון אַלע אַספּעקטן פון כבוד־פאַרטיידיקונג, פון מענטשלע־

כער נקמה, האָט דער אויפשטאַנד פאַרוואַנדלט דעם טויט פון צעשטויבטע יחידים אין אַן אַקט פון אַ פאָלקס־אומקום.

ער שרייבט זיך אַריין אין ספר־המלחמות פון יידישן פאָלק.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד ווערט די קרוינונג און דער סימבאָל פון יידישן ווידערשטאַנד בכלל, פון אַלע פאַסיווע און אַקטיווע ווידערשטאַנדן, ער פאַרקערפּערט די עקשנות און דעם ווילן צו פאַרמענטשלעכן, פאַרפאָלקישן דעם אומקום.

די פאַרטיליקונג אין די פיסיקע ראַמען פון אַזוי פיל יאָרן, דער אויסראָט, וואָס איז נאָך קיינמאָל ביז דעמאָלט מיט אַזאַ פּלאַנמעסיקייט און מעטאָדישקייט, אין אַזאַ פאַרנעם גישט אָנגעווענדעט געוואָרן פון אַ מענטשן־גרופּע לגבי אַ מענטשן־גרופּע און וואָס איז דורך דעם גופא נעוואָרן ווי אומרעאַל און אומבאַגרייפלעך, באַקומט דורך דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ זיין טראַגישע לאָגישע באַגרייפלעכקייט.

דער שונא האָט געוואָלט אַנטמענטשן און אַנטגעשיכטלעכן דעם אויסראָט. די יידישע העלדן האָבן אים מיט כוח אַריינגעשטעלט אין די טראַגישע ראַמען פון פּאָליטישער גורלדיקייט.

די זעלבע אחריות פאַר פאָלקישקייט, פאַר געשיכטע, די זעלבע טריישאַפט צו נאַציאָנאַל־היסטאָרישן המשך, האָט דאָס צעוואָרפענע און צעשפּרייטע, צעשלאָגענע יידנטום אויך באַוויזן אויף צומאָרגנס פון דער לאַנגער נאַכט, צומאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג.

אייגנטלעך האָט זיך די אחריותדיקע אַרבעט אָנגעהויבן אין די מויערן פון דער געטאָ גופא.

אין אָנבליק פון אַ זיכערן טויט איז פאַרשרייבן, פאַרצייכענען לדורות — און טיפן גלויבן, אַז עס בלייבט אַ פאָלק און אַ מענטשהייט, פאַר וועלכער עס איז כדאי דאָס צו טאָן — געוואָרן אַ פיבער, אַ לייזנשאַפט, אַ צוואה.

עס האָבן עס געטאָן דיכטער אין זייערע לידער, באַהאַלטענע באַגראָבענע. עס האָבן עס געטאָן מענטשן פון פאָלק, כראָניקערס און דערציילערס און עס האָבן עס געטאָן פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, ווי מיר

ווייסן עס פון רינגעלבלום־אַרכיוו, וואָס שטעלט מיט זיך היינט פאָר אַ שלל פון מאַטעריאַלן פאַר קומענדיקע היסטאָריקער.

גלייך אין דער ערשטער פאַזע פון נאָך־באַפרייאונג האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אינדיווידועלע זכרונות. מען איז אַרויס מיט דעם, אין לויף פון יאָרן געצווימטן געשריי און מיטן פאַרשניטענעם געשריי פון די אומגעקומענע. עס איז געווען די צייט פון אַרויסשטעלן די אייגענע איבערלעבענישן און די איבערלעבענישן פון די צום טויט־פאַרפייניקטע.

אָבער באַלד האָט זיך ביי די רעשטלעך, ביי די שרידי הפליטה דערוועקט דער אינסטינקט פון היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דער זעלבער אינסטינקט, וואָס האָט באַוויגן די ווידערשטענדלער, און זיי האָבן, ווי די אויפשטענדלער, מיט זייער בלוט, אָנגעהויבן פאַרצייכענען, איבערשרייבן און איבעררעגיסטרירן און צוריק אויפלעבן דעם דורכן שונא דערמאָרדעטן עבר.

די וואַנדאַלן האָבן מיט זייער טאָטאַלער פאַרטיליקונג פון אַלע הייליקע קהילות, פון אַלע שטעט און שטעטלעך אויך זיך מכוון געווען צו פאַרניכטן דעם טויט, צו אַנטגעשיכטלעכן אונדזער געשיכטע, אויסצורייסן מיטן וואָרצל יעדן שפּור פון פאַרגאַנגענהייט, פון אָנגעזאַמלטן גייסט, פון היסטאָריע, פון שותּפותדיקער מי, פון ציוויליזאַציע.

די ערשטע אַרבעט פון די נח׳ס גראַטעוועטע פון בלוטיקן מבול איז געווען אַרויסצוראַטעווען פון דער בלוטיקער פאַרשווענקונג דאָס שוין איין מאָל נאָרמאַל געשטאָרבן־לעבן, און דורכן חורבן נאָך אַמאָל אָפּגעטויטן עבֿרדיקן לעבן, מיט אַלעם, וואָס ער האָט אַנטהאַלטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינסטינקטיוו־קאָלעקטיווע אַרבעט פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן צוריק אַריבערצופירן אין לעבעדיקן עבר אַריין פון נאַציאָנאַלער געשיכטע די פאַרגאַנגענע לעבנס פון שטאָט און שטעטל, מיט די לעבנס פון יחידים און קהילות, מיט די לעבנס, וואָס זענען דורכן חורבן איבערגעריסן געוואָרן אין זייער פולער שטראָמיקייט, און מיט די לעבנס־ וואָס זענען פרידלעך באַגראָבן געוואָרן און אַרויסגעריסן געוואָרן פון די יידישע בית־עלמינס פון פאַרטיליקער פון אונדזער פאָלק.

און ווען עס וועט קומען די צייט און די באַרופענע היסטאָריקער וועלן קומען אָנשרייבן דאָס נייע קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע, דאָס בלוטיקסטע פון אַלע קאַפּיטלעך, וועט ער אָנטרעפן נישט בלויז חורבן און אונטערגאַנג, נאָר ער וועט אויך טרעפן לעבן און המשך. ער וועט זיך באַקענען מיט היסטאָרישער פאַרשטענדעניש פון יידן פון פאָלק, פון פּשוטע יידן, צו וועלכע מען באַציט זיך אָפטמאָל מיט גרינגשעצונג, וואָס האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך געשיכטע, זי איבערגעשריבן מיט געפיל, מיט האָפענונג, מיט באַציאונג, מיט ליבשאַפט און אָפטמאָל אַפילו מיט שטויגענדיקער זאַכקענטשאַפט און צוריקגעשטעלט אַ קאָנטינואיטעט, וואָס איז דורכן אכזר איבערגעהאַקט געוואָרן אין איין אָטעם.

זיי, די פּשוטע שטעטלדיקע מענטשן, די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו זיין דערווייטערט פון אומגליק און שוין געווען צוביסלעך פאַרפרעמדטע, האָבן זיך פלוצים דערהויבן צו דער מדרגה פון קענען פאַרוואַנדלען די חורבות פון זייערע היימען אין ירושלימס של מעלה, אין הייליקע היסטאָריע, אין ספרים־מאָנומענטן, וואָס דאָס פאָלק וועט מיט זיך אַוועקטראָגן אין זיינע נייע וועגן.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז קלענערע שטעטלעך האָבן אויף דעם געביט מער דערגרייכט, ווי גרויסע שטעט. אין די גרויסע שטעט האָט געפעלט די אינטימיטעט, די משפּחהדיקע ליבשאַפט, וואָס עס האָבן די שטעטלדיקע. וואַרטן נאָך די גרויסע קהילות אויף זייערע פרייוויליקע אַמאַטאָרן־כראָניקער.

וואָלטן ווייטער באַדאַרפט פאָרגעזעצט ווערן די פאָר־היסטאָרישע אַרבעטן פון די קאָלעקטיוון, זאַמלונגען פון קאָרפּאָראַציעס, אָרגאַניזאַציעס, פאַרבאַנדן און סאָציאַלע קערפּערשאַפטן. יעדער אויף זיין געביט, ווי לערער, דאָקטוירים, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס פאָלק, וואָס האָט שטענדיק געהאַט דעם גרעסטן, אינסטינקטיווסטן געפיל פאַר קאָלעקטיוויטעט, וואָס האָט אין יעדן ישוב, אין יעדן שטעטל גלייך אָרגאַניזירט זיינע אינסטיטוציעס, רעליגיעזע און דערציאונגס־אַנשטאַלטן און לעצטנס סאָציאַל־וועלטלעכע אָרגאַניזמען, קעגנזייטי

קע הילף, אָרעמע־פאַרזאָרגונג א.א.וו. מוז פאָרזעצן די געזעלשאַפטלעך־היסטאָרישע אַרבעט, וואָס זי האָט ספּאָנטאַן אויף זיך גענומען.

דווקא איצט, ווען גייע שונאים ווילן אונדז, נאָך דער פיזישער דערמאָרדונג, נאַציאָנאַל דערמאָרדן, ווען מען וויל אונדז אָפּזאָגן די פּעאיקייט זיך קאָלעקטיוו צו אָרגאַניזירן. ווען די שונאים ,וואָס צעשטערן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן קומען דערנאָך באַרעכטיקן זייער וואַנדאַליזם דורך לעסטערונגען אויפן חשבון פון אונדזער זין פאַר קאָלעקטיווע איינריכטונגען, דווקא דעמאָלט, מוזן מיר מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, זאַמלען אַלע אונדזערע כוחות צוריק אויפצושטעלן דעם שטראָמיקן גאַנג פון אונדזער געשיכטע, פול מיט רומרייכע קאָלעקטיווע לייסטונגען.

# באַרטעלאָמיי-נאַכט 1942

קנאַפּע 400 יאָר זענען אַריבער זינט דער פראַנצויזישער קעניג שאַרל דער 9־טער, האָט אויף דער בקשה פון זיין זייער קאַטוילישער און נישט ווייניקער אויסגעלאַסענער מוטער קאַטערינאַ דע מעדיצי, אויסגעשאָכטן אין איין נאַכט, אין דער נאַכט פון הייליקן באַרטעלאָמיי, (24 אויגוסט 1572) אַלע פּראָטעסטאַנטן פון פּאַריז. אַ לאַנגער בירגער־קריג איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון יענער שחיטה, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „די באַרטעלאָמיי־נאַכט“. פּאַריז, דאָס פראַנצויזישע פאָלק, די וועלט, האָבן נאָך ביז איצט נישט אויסגעשטראָכן יענע שרעקלעכע נאַכט פון זייער היסטאָרישן זכרון.

אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין אונדזערע צייטן, איז אין דער זעלבער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט, אין אַן ענלעכער לויטערער זומער־נאַכט, פאָרגעקומען אַ צווייטע שוידערלעכע באַרטעלאָמיי־נאַכט. זי איז געווען בלויז אויף יידן. עס איז נישט קיין „היסטאָרישע“ נאַכט. ווענן איר וועט איר אין קיין שום היסטאָריעס און אויך אין דער פראַנצויזישער נישט געפונען.

אין יענע שוידערלעכער נאַכט פון 16־טן יולי 1942 — בלויז אַן אָנהויב צו שפּעטערע „אַקציעס“ — האָט דער טויט אָנגעקלאַפּט אין

אַלע יידישע שטובן. פאַרשלאָפענע עופהלער זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די שויסן פון זייערע מאַמעס; פאַרשמאַכטע מוטערס און זקנים זענען אַרויסגעשלעפט געוואָרן פון זייערע היימען. מיט איין שעה שפעטער איז דער גרויסער פאַריזער ספאָרט־פּלאַץ שוין געווען פאַרוואַנדלט אין אַ טאָל פון געוויין און פון ווייטיק, ווו טויזנטער שוואַכע און קראַנקע, דורשטיקע קינדער און פאַרחלשטע מאַמעס זענען געלעגן אין איין קופּע פון פאַרקראַמפטע יסורים. ווען זיי האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט די געלעכטערס פון די אויסגעפּאַשעטע דייטשע „באַרמהערציקע שוועסטערס“.

די אויפגאַבע פון די „שוועסטערס“ איז געווען אַכט צו לייגן, אַז קיינער זאָל נישט דערלאַנגען די פאַרשמאַכטע אַ לעפל וואַסער.

צומאָרגנס האָט די זומער־זון, ווי תמיד געגלאַנצט און געברענט, די מעטראָס זענען געלאָפן געפּאַקטע. די גרין־מונדירטע האָבן אָנגעפילט די גאַסן, זיי זענען געווען זייער העפלעך, געשמייכלט צו מיידלעך און געגעבן צוקערלעך די פראַנצויזישע קינדער. די צייטונגען האָבן געשריבן וועגן דער „קאָרעקטער האַלטונג“ פון אָקופּאַנט.

דאָס לעבן פון די נישט־געכאַפטע יידן איז פון יענעם טאָג אָן געוואָרן אומלעגאַל. אַ יידישע נאָז האָט ווי אַ קין־צייכן געגעבן יעדן נישט־ייד די רעכט איבערן לעבן און פאַרמעגן פון ייד. צום שבח פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג מוז דערמאָנט ווערן, אַז אַ חוץ אַ באַנדע פאַרקויפטע אַגענטן, האָט די ברייטע באַפעלקערונג זיך נישט באַנוצט מיט דער טרויעריקער פּריווילעגיע פון שאַנטאַזשירן אָדער יאָגן זיך נאָך די קרבנות.

אָבער אַ צווייטער אמת מוז אויך פעסטגעשטעלט ווערן: מיר זענען אין אונדזער טרויער געבליבן איזאָלירט. איר טרעפט נישט אין די אָקופּאַציע־זכרונות פון פראַנצויזן קיין שום רמז אויף דער יידישער באַרטעלאָמיי־נאַכט. זי איז נישט „היסטאָריש“. עס איז אַן עפּיזאָד, וואָס גייט בלויז אָן אַ געוויסן טייל פון דער באַפעלקערונג, פון געוויסע קוואַרטאַלן, נישט פון דער גאַנצער, נישט פון פּאַריז.

און אַזוי האָט יעדע שטאָט אין אייראָפּע אירע יידישע דאַטעס, אוי־

רע אָנדענק־טעג פון ליקווידאַציע און חורבן, וואָס זענען בלויז ליקווידאַציע פאַר אונדז. דער שכן וויים גאָרנישט, דערמאָנט זיך גאָרנישט, לעבט נישט דערמיט.

און דער שכן וויים נישט, אַז די אויסטיילונג פון די יידישע פיין, די איזאָלירונג און אָפּזונדערונג פון די יידישע געדענק־טעג האָט נישט ווייניק מיטגעווירקט, אַז עס זאָל שוין ווידער מעגלעך ווערן צו רעדן, צו טראַכטן און צו גרייטן אַ נייע וועלט־שחיטה.

וואָלטן אונדזערע טרויער־טעג נישט געווען בלויז אונדזערע, ווען מען וואָלט אין די שייטערס אויף וועלכע עס זענען אומגעקומען אונדזערע מיליאָנען, געזען די פלאַמען פון אַ ברענענדיקער וועלט, ווען מען וואָלט אין דער הייליקער אַש פון אונדזערע קדושים געזען די אַש פון אַן אונטערגייענדיקער ציוויליזאַציע, וואָלט מען אויך אין די נייע שענדונגען פון די יידישע קברים, האַקנקרייצן אין דייטשלאַנד, געזען נישט בלויז אַ איזאָלירטע שאַנד־טאַט, נאָר אַ צייכן פון אַ שטענדיקן באַהאַלטענעם דורשט צו נייע פאַרברעכנס. מע וואָלט דעמאָלט נישט באַשפּרענקלט די מערב־דייטשן מיט מוטנע ציוויליזאַציע וואַסערן ; מכפּר צו זיין אויף זייערע זינד און מען וואָלט נישט גערייניקט די מזרחדיקע מיט דעם אַש פון דער פּרה „אדומה“.

יעדער אויפשטייג פון אַנטיסעמיטיזם איז אַ באַווייז פון אויפשטייג פון שנאה אין דער וועלט, יעדע שענדונג פון אַ יידיש קבר איז די שענדונג פון דער ציוויליזאַציע.

# ה. לייוויק
# דראמאטורג
# פון אונדזער תקופה

ה. לייוויק האָט זיך זיין אויבנאָן אין דער יידישער ריכטונג דער־וואָרבן מיטן טיפן ערנסט פון זיין פּאָעטיש וואָרט און מיט דער איינגע־שפּאַרטקייט פון זיין טעמאַטיק.

עס איז באמת שווער צו געפינען אַ צווייטן יידישן דיכטער מיט אַזאַ טעמאַטישער קאָנטינואיטעט, מיט אַזאַ אידעאישן המשך איבער אַלע זיינע ווערק ווי לייוויק.

אַלע זיינע לידער, אַלע זיינע דראַמעס זענען איינטעמיקע וואַריאַנטן אויפן מאָטיוו: קרבן, יסורים און אויף איר צווייט האַלב־פּנים: גאולה, באַפרייאונג פון יסורים.

ער איז שטענדיק געווען און פאַרבליבן דורכגעדרונגען פון אַן אַנגסטיקן וועלט־קוק, וואָס האָט אויסגעפילט אַלע זיינע געדאַנקען און געפילן, באַהערשט אַלע זיינע שטימונגען און געמיטס־צושטאַנדן, געגנערט אַלע זיינע פּאָעטישע וויזיעס און פאָרשטעלונגען.

אין די אַריינפיר־ווערטער צו זיין דראַמאַטישן ווערק „אין די טעג פון איוב“ שרייבט לייוויק: „גאָטס געבן פול רשות דעם שטן אומצו־

ברענגען איובס אַלע קינדער, פאַרברענען אַלע זיינע גיטער און אים אַליין, דעם אַלטן איובן, אַריינוואַרפן זיין לייב אין גרויל פון צרות און ווונדן — פאַרפאַלגט דעם מחבר זינט זיינע חדר־יאָרן; נאָך מער פאַרפאָלגט אים זינט יענע טעג, דעם יונגן יצחקס גיין צו דער עקדה און זיין ליגן אויפן מזבח אין דערוואַרטונג געבראַכט צו ווערן פאַר אַ קרבן".

אַזוי ווי זיין לעבן וואָלט אים געגעבן געוואָרן ווי אַ צייכן און אַ סימבאָל, דערוואַרטן אים אַליין אַנגסטיקע איבערלעבענישן אין די גאָר יונגע יאָרן, וואָס יאָגן נאָך מער אויף אים אָן עקדה־מחשבות און איוב־שטימונגען.

ווי אַ סך יונגע מענטשן פון זיין דור און טאַקע ווי אַן איוב, רע־וואָלטירט ער זיך קעגן סדר־העולם. דאָס פירט אים אין תפיסה און אויף קאַטאָרגע אין סיביר. אָט די איבערלעבענישן, די דערנידעריקונגען פון אַ קאַטאָרזשניק, דאָס מאַוימדיקע בילד פון די אומענדלעכע שניי־סטעפּעס, די צרות, וואָס ער זעט זיך צו דאָרט, דאָס קאַטעווען די לייבער פון זיינע מיטפאַרשיקטע און צום סוף דאָס אַנטלויפן, אין אַ שליטעלע געשפּאַנט אין אַן אָרעמער, קראַנקער שקאַפּע, איבער די פאַרכטיקע שניי־בערג, לאָזן איבער אייביק שפּורן אויף זיין פּסיכיק און געמיט און מאַכן פון אים אויף תמיד דעם דיכטער פון ליידן און קידוש־השם.

ווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דערשיינט זיין „גולם", אַקצעפּטירט עס גלייך די יידישע וועלט, ווי אַ יסוד פאַר דער פּראָבלע־מאַטיק פון דער תקופה, יידישער ווי אוניווערסאַלער, ווי די פילזייטיקע און פיל־געשטאַלטיקע דראַמע פון אונדזער צייט. אַזוי האָט אויך גע־האַלטן די ערנסטע יידישע בינע, וואָס האָט דעם „גולם" אויפגעפירט.

עס קומט נאָך די „גאולה־קאָמעדיע", געדאַנקלעך זייער שטאַרק — שוואַכער פון דער פּאָעטישער זייט — ווו די מענטשלעכע דראַמע פון ליידן און אויסלייז ווערן געגעבן פון אַספּעקט — באַציאונג צווישן קרבן און תליון; צווישן קרבן פון געכטן, וואָס ווערט הענקער און הענקער, וואָס איז געוואָרן קרבן — אַ פּראָבלעם פון אויסלייזער, וואָס לייזט זיך אַליין נישט אויס.

אַזוי ווערט די טעמע ליידן, קרבן און אויסלייז דער טעמאַטישער חוט־המשולש פון זיינע דראַמעס. יעדע דראַמע מערט די אַספּעקטן פון

דער טעמע, אָבער ענדערט זי נישט. אויך די סימבאָלן און אַ טייל פון די פּערסאָנאַזשן בלייבן די זעלביקע.

די וועלט־דראַמע איז תמיד די זעלביקע און די ראָלן אויף דער וועלט־בינע פון לײדן ווערן געהאַלטן דורך די זעלבע שוישפּילער: דער תליון, זיינע קרבנות, זיינע „נביאים“, „משיחים“ און משיח באחרית הימים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דעזאָריענטירטע יידישע וועלט אַקצעפּטירט — ווי שוין געזאָגט — לייוויקס טעמאַטיק, ווי דעם פונדאַמענט פון יידישער און וועלט־דראַמע; נאָך דער צווייטער, נאָך דער גרויסער, גרעסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע האָט די זיך־פאַר־לירנדיקע יידישע וועלט שוין פּשוט געוואַרט אויף זיין וואָרט. נישט בלויז אויף זיין שטעלן די דראַמע ווי אַ פראַגע, נאָר געוואַרט אויף זיין תשובה. איז ער דאָך שוין מיט אַזוי פיל יאָרן פריער געווען פאַרהיימישט מיט עקדה, מיט משיח, מיט אליהו הנביא.

לייוויק, ווי ער וואָלט אויפגענומען דעם אַרויסרוף, האָט געענט־פערט מיט פאַנאַנדעררוקן די גרענעצן פון צייטן און די גרענעצן צווישן טויט און לעבן. אין זיינע נאָך־מלחמהדיקע דראַמעס מאַכט ער דורכ־דרינגען ס'לעבן דורכן טויט און ער שאַפט אָפּ די מחיצות צווישן יאָר־הונדערטער. ווי דער ענטפער וואָלט געווען: עס איז דאָ בלויז איין גורל פאַר אַלע צייטן און עס איז נישטאָ קיין גרענעצן צווישן די מיליאָנען, וואָס זענען אַוועק אויפן שייטער־הויפן און דער שארית־הפליטה, וואָס איז געבליבן.

אין „מהר'ם פון רוטנבערג“ — דאָס ערשטע דראַמאַטישע ווערק, וואָס איז דערשינען נאָך דער מלחמה, קומט די אַקציע פאָר אין אונ־דזערע צייטן און גלייכצייטיק אין 13־טן יאָרהונדערט. יידן פון די היט־לער־לאַגערן שטעלן אָפּ אַ וויזיט צוזאַמען מיטן „אייביקן ייד“ אין מיינצער געטאָ פון מיטלאַלטער און זיי טרעפן דאָרט גראָד אָן אַ פּאָ־גראָם, „וויל אומעטום, וווּ איך שפּאַן, איז דאָ פּאָגראָם“ — זאָגט דער אייביקער ייד.

אין „אַ חתונה אין פערנוואַלד“, צווייטע דראַמאַטישע פּאָעמע פון לייוויקן נאָך דער מלחמה, זענען פאַראַן פּערסאָנאַזשן פון „גולם“, אליהו

הנביא און משיח· זיי שפּאַנען צווישן די לאַגער־יידן אין די מחנות אומגעקומענע שפּאַנען צוזאַמען מיט די איבערגעבליבענע· אַלע באַריערעס זענען געבראָכן· דער טויט איז נישט קיין גרענעץ·

מיט דער נחמה פון נצחיות איז לייוויק געקומען צו שארית־הפּליטה·

אין דער דראַמע „אין די טעג פון איוב“, קומט יצחק פון דער עקדה צו איובן דעם בעל־יסורים, הבל און קין זענען באַטייליקט אין דיאַלאָגאַלץ, וואָס ליידט אין אַלע צייטן, פאַרשטייט זיך און טרעפט זיך·

אויב אין „גולם“ האָט נאָך לייוויק צוגעלאָזן דעם געדאַנק פון ענטפערן מיט קראַפט קעגן געוואַלט, מיטן שטעקן פון גולם איבערן רוקן פון כומר טאדעאוש, אַ פּרווו, וואָס געלינגט נישט און צווינגט דעם מהר״ל אָפּצונעמען ביים גולם דעם שם המפורש, ווערט שוין אין „מהר״ם פון רוטנבערג“ אַקעגנגעשטעלט דער געוואַלט פון די רוצחים די פּאַסיווע גבורה פון קידוש־השם, די דורותדיקע יידישע סבלנות פון מאַרטירער·

עס קומען אַפילו פאָר וויכוחים פון מהר׳ם, וואָס געפינט זיך אין דער תפיסה, און זיין גאונישן תלמוד ר׳ אשר (באַרימט אונטערן נאָמען דער ראש) מיט די תלמידים פון ראש־הקהל וועגן אַ היתר אויף אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן שונא, וואָס ווערט אָפּגעוואָרפן דורך די מנהיגים.

די דראַמע „מהר׳ם פון רוטנבערג“ בלייבט דער אַפּאָטעאָז פון גורלדיקייט, קעגן וועלכער עס קען נאָך אָנגעווענדעט ווערן די גבורה פון קידוש השם, אָבער נישט די גויאישע גבורה.

לייוויק איז דאָ, אגב, דער גרויסער סניגור פון די זעקס מיליאָן פּאַסיווע קדושים, ועמען עס ווערט פון פאַרשידענע זייטן אַקעגנגעשטעלט דער אַקטיווער העראָאיזם פון די געטאָ־קעמפער, אַ שטייגער ווי דער קידוש השם־טויט וואָלט זיך גענויטיקט אין אַ פאַרענטפערונג.

נישט צו קיין גלאָריפיצירונג פון פּאָגראָם איז זיך לייוויק מכוון, נאָר צום לויב פון בעסער נעמען אויף זיך די ראָל פון קרבן, איידער די ראָל פון תליון. לייוויק וויל אָפּווישן די „חרפּה פון נעמען אויף זיך די שעפּסן־ראָל, די ראָל פון כצאן לטבח יובל, וואָס עס איז די חרפּה פון מערדער, אָבער נישט די בושה פון דערמאָרדעטן.

אינעם ווערק „אין די טעג פון איוב“ איז די דראַמע ליידן פון אַן אַנדערן אַספּעקט — באַציאונגען פון קרבן צו קרבן. עס זענען דאָ „מיינע ליידן“, עס זענען פאַראַן „אונדזערע ליידן“, עס זענען אָבער אויך דאָ „יענעמס“ ליידן.

עס איז די טענה פון איוב צו גאָט: באַשעפער פון דער וועלט, פאַרוואָס האָסטו פון מיר געמאַכט דיין פיינט? (דורך יסורים אויף מיר אָנגעשיקטע); און עס איז דאָ די טענה פון קרבן צום הענקער, דער רעוואָלט פון אונטערדריקטן צום אונטערדריקער. עס איז אָבער אויך דאָ די טענה פון קרבן צום קרבן, פון קרבן פון היינט צום קרבן פון נעכטן, וואָס פאַרשטייט שוין נישט די ליידן פון יענעם, ווי נאָר זיינע זענען אַוועק.

איוב ליגט אין זיינע יסורים, ער פאַרשילט דעם טאָג פון זיין געבוירן. ער שטעלט אויף הימל און ערד מיט זיינע קללות. זיין קול צעגייט איבער דער גאַנצער וועלט און אַלע געפּייניקטע און ליידנדיקע זאַמלען זיך אַרום איובן, אים און — זיין.. זייער.. רעוואָלט. אָבער עס בלייבן גלייכגילטיק די געזונטע, די אַלע, וואָס ליידן נישט, זיי פילן נישט, זיי פילן נישט מיט!

נאָך בעסער, איוב אַליין, ווי נאָר ער ווערט געזונט דורך אַ שפּיצל, וואָס דער שטן טוט אים אָפּ, כדי פון אים פּלוצים אָפּצווווענדן אַלע רעוואָלטירנדיקע, דער זעלבער שטן, וואָס האָט אים פריער אַרייגעוואָרפן אין די יסורים .. ער אַליין פילט מער נישט די ליידן פון די אַנדערע. ער פילט מער נישט מיט זייערע ווייטיקן.

ביי לייוויקן, וואָס האָט זיך ליב אויסצודריקן דורך אַלעגאָריעס, וואָלטן מיר דאָס אָרט אפשר געקענט פאַרשטיין ווי אַ פאָרוורף צו די יעניקע, וואָס פאַרגעסן די ערשט־דורכגעגאַנגענע יסורים בימי היטלער; הערן מיר אָבער אין אַ פריערדיקער דראַמע „אַ חתונה אין פערנוואַלד“, לייוויקן אויסדריקן זיין צופרידנקייט צו דעם, וואָס דאָס לעבן גייט ווייטער אין זיין סדר, און ער לאָזט קומען אליהו הנביא זיך מיטפרייען מיט דער ערשטער חתונה צווישן געראַטעוועטע לאַגער־יידן. לאָמיר דערביי נישט זוכן קיין סתירות. דער דיכטער איז נישט קיין פאַרענטפערער פון פּראָבלעמען.

אויף דער דראַמע מענטש, אַ געשליידערטער צווישן די העכסטע הויכן פון אויסדערוויילטקייט און כף הקלע פון די נידעריקסטע אינס־טינקטן; אויף דער דראַמע ייד, געשליידערט צווישן דער ברכה פון נצח ישראל און קללה פון בדמיך חיי, ענטפערט ער דורך קאָנפראָנטירן דעם אונטערדריקער מיטן אונטערדריקטן, דורך דיאַלאָגן, וואָס פאַרענטפערן גישט, אָבער ענטפערן מיט קראַפט צו אונדזער געמיט און מאַכן פון אים דעם דיכטער־דראַמאַטורג פון אונדזער צייט, וואָס פרעגט זיך אָן ביי די מיט אייביקייט־אָנגעפילטע מיטאָסן וועגן זין פון די מענטשלעכע און יידישע ליידן.

# א טאג אין יידישן מיטלאלטער



רייטע בקיאות און קינסטלערישע אינטואיציע האָבן אין אַ גלייכער מאָס זיך באַטייליקט אין דער שאַפונג פון יוסף אָפּאַטאָשוס געשיכטלעכע ווערק.

צומייסטן איז עס געווען אַ געראָטענער זיווג. על פּי רוב האָבן זיך די עלעמענטן פון ערודיציע און פון קונסט אַזוי ווי כעמיש צונויפגעגאָסן, און עס איז געבוירן געוואָרן אַ סאָליד איינהייטלעך ווערק. עס טרעפט זיך אָבער אויך ביי אָפּאַטאָשו — דער עיקר אין די קורצע היסטאָרישע נאָוועלן — אַז די עלעמענטן בלייבן, נישט צענויפגעגאָסן, נאָר בלויז באַהאָפטן, איר קענט זיי דעמאָלט פונאַנדערנעמען. ערודיציע לחוד און גוטע אינטואיטיווע איינפאַלן לחוד. עס איז אָפטמאָל אויסגעקומען ביי יוסף אָפּאַטאָשו, אַז דאָס נאַראַטיווע איז געווען אַ טפל צו עפּעס אַ געשיכטלעכן חידוש, צוליב אַ ווילן צו פאַרענטפערן עפּעס אַ האַרבן היסטאָרישן תיקו.

„אַ טאָג אין רעגענסבורג“ געהערט צום דאָזיקן מין און אין אָנהויב מאַכט דאָס בוך דעם איינדרוק פון אַ דעמאָנסטראַציע פון ווערטער, אַ מין עקספּאָזיציע פון שטייגער, פון נוסח, פון הלבשה, ווו די ערודיציע

אין איבערגעצויגן מיט מעשה, מיט פּאַסירונגען, כדי עס זאָל זיך האַלטן און אַביסל בלייבט דער דאָזיקער איינדרוק ביז צום סוף, אָבער אין סך־הכל שלאָגט אַ טיפע האַרציקע וואַרעמקייט פון דאָזיקן קליינעם ביכל און איר פאַרגעסט וואָסערע חשבונות יוסף אָפּאַטאָשו האָט געהאַט ביים צונויפשטעלן אַזאַ מין „וואָרט־געמעל", ווי דער בעל הקדמה פון פאַרלאַג „די גאָלדענע פּאַווע" רופט עס אָן. און איר פאַרגעדענקט בלויז, די זאַפטיקייט פון די ווערטער, די ליבשאַפט פון מחבר צום דערציילטן, צו מנהג, צום וואָרט, צום לעבן פון יידן אין אַלע צייטן, און אַלע דורות, אין אַלע ערטער, אין אַלע אומשטענדן.

וואָרעם אַ גרויסע טענדענץ האָט אָפּאַטאָשו נאָכגעפאָלגט אין זיי־נע היסטאָרישע ווערק פון די „פּוילישע וועלדער" ביז „רבי עקיבא", אי־בער די דערציילונגען פונעם בוך „די יידן־לעגענדע" ביז „אַ טאָג אין רעגענסבורג". עס איז אונדזער אַלעמענס טענדענץ, אָבער ביי אים איז עס געוואָרן אַן אידעע־פיקס, וואָס האָט אַבסאָרבירט זיין גרעדאַנקען־גאַנג און באַהערשט זיינע ווערק — די אידעע: יידן, אַ וועלט־פאָלק, אַן אייביק פאָלק.

אין אַלע זיינע ווערק, גרויסע צי קליינע, אין אַלע דיאַלאָגן, ביל־דער און היסטאָרישע שילדערונגען האָט ער די טענדענץ אַריינגעפירט מיט עקשנות, מיט ליבשאַפט, אַנטפּלעקט, באַוויזן דאָס אייגנאַרטיקע, דאָס המשכדיקע פּנים פון דער לאַנגער יידישער געשיכטע אויף זיין ערד און אויף זיינע וואַנדערנישן; ער האָט אומעטום אינטערגעשטראָכן דעם כאַראַקטער, וואָס נישט שפּראַכן, נישט לענדער און נישט תקופות האָבן געקענט תוכיק ענדערן.

און דער פאָרשער־ערודיט איז נאָכגעגאַנגען דעם קינסטלער און אַזוי האָט ער מיט וויסן און מיט קונסט געשפּינען, געבויט, קאָנסטרואירט שטיקער יידישע געשיכטע, דורות, תקופות און ער האָט אַנטפּלעקט דאָס איינהייטלעכע און טאָג־טעגלעכע פּנים פון פאָלק, פון המון־עם, פון זיי־נע גאונים, אָבער אויך פון די מאַסן און צוריקגעשטעלט די היסטאָרישע גאַנצקייט פון פאָלק, הגם צעשניטן אין שטח, צעטיילט אין לשון, צע־טרייסלט פון חלוקי דעות און שטורמישע באַוועגונגען.

אַ גרויסע היסטאָרישע קשיא האָט אָפּאַטאָשו כסדר געוואָלט פאַר־

ענטפערן : עס האָט אים שאָקירט, וואָס אונדזערע היסטאָריקער איגנאָ־
רירן דאָס פאָלק, דעם המון, דעם עם הארץ, אַ שטייגער ווי אונדזער גע־
שיכטע וואָלט געמאַכט געוואָרן בלויז פון דיכטער, פילאָזאָפן און גאונים.
אַ שטייגער ווי ביי יידן אין אַלע צייטן, וואָלט מען זיך בלויז מפלפל גע־
ווען אין תלמודישע סוגיות, דער שיחת חולין וואָלט געווען בלויז פילאָזאָ־
פיע, און ווי די געשיכטע אַליין וואָלט באַשטאַנען פון פּאָגראָמען
און גירושים.

און ווו איז דאָס פאָלק ? — איז קשה אָפּאַטאָשון. און ווער האָט גע־
שאַפן נוסח טראַדיציע, שטייגער, מנהג, צערעמאָניע, שמחות אויף
חתונות, אויף בריתן און ווער האָט זיך דאָס געשאַפן ? עס האָט דאָך
געמוזט עקזיסטירן — לכל הפּחות פראַגמענטאַריש — אַן איינגעפונדע־
וועט סאָליד לעבן. און אַלע ווערטלעך און שפּריכווערטלעך, עדות פון
שורש און פאַרוואָרצלטקייט, האָבן דאָך נישט געקענט געשאַפן ווערן פון
די רמב״מס פון די רש״יס, נאָר פון אַ פאָלק מיט זיינע רייד, אַפילו
גראָבע רייד, מיט זיינע מעשים, אַפילו פאַרגרעבטע מעשים.

און אָפּאַטאָשו פאַרמעסט זיך אין זיינע היסטאָרישע ווערק בכלל
און אין זיינע קורצע שטייגער דערציילונגען בפרט צו פאַרענטפערן די
דאָזיקע האַרבע קשיא, צו רעקאָנסטרואירן אַ טאָג־טעגלעך לעבן, ווו דער
פּראָסטאַק, דער טרעגער, דער בעל־עגלה, דער קלעזמער, דער קרעטש־
מער, דער לץ, די אַלע, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט פאָלק און אים,
געגעבן קאָליר, פאַרב, מענטשלעכע פּשוטקייט און נאַטירלעכקייט זאָלן
קומען צום אויסדרוק.

צום בולטסטן איז די דאָזיקע טענדענץ אין „אַ טאָג אין רעגענס־
בורג“, וואָס איז אַ מין בעלעטריסטישער עסיי. דער אינהאַלט קען דאָ
דערציילט ווערן אין עטלעכע שורות : צייט : 16־טער יאָרהונדערט. אָרט :
געטאָ רעגענסבורג פון יידישן מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד. אין שטעטל
קומט פאָר אַ רייכע חתונה. דער פּרנס פון שטאָט איז זיך משדך מיט
אַ גרויסן גביר פון ווורמייזע (ווורמס) און ווער קומט נישט אַלץ צו דער
דאָזיקער חתונה ? בעטלערס פון אַלע עקן לאַנד, פּראַגער לצים, ישיבה־
בחורים, גבירים פון פאַרשידענע לענדער און אַפילו פון קאָנסטאַנטינאָ־
פּאָל, און דער גרויסער שתדלן יוסעלמאַן און דער גרויספירשט פון בייערן
בכבודו ובעצמו. און די גאַנצע מעשה איז גאָרנישט קיין מעשה נאָר

אַ פּרעטעקסט, אַ תּירוץ צו עקספּאָזירן דעם יידישן מיטלאַלטער מיט זיין לשון יידיש, מיט זיין הלבשה, מיט זיין שטייגער, מיט זיין הלצה און רכילות· מיט די פאַרשידנ׳סטע פאַרשוינען: גבירים, ווילע יונגען, לצים, מחברים, וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן, שטדלנים, דייטשע פירשטן אַ קאַלײדאָסקאָפּ פון מיטלאַלטערלעכע פּערסאָנאַזשן, רייד, אופנים און פּראָבלעמען·

אָפּאַטאָשו וויל באַווייזן, ווי אגב אורחהדיק, אַז אויך אונדזערע חלוקי דעות און פּראָבלעמען האָבן שטענדיק עקזיסטירט און זענען אַלע מאָל געלייזט געוואָרן לטובת דער המשכדיקייט·

און אָט צו דעם צוועק פירט ער אַריין אַ וויכוח צווישן איינעם פון די לצים אויף דער חתונה, אַליין אַ מחבר, און אַ צווייטן מחבר, לייב פון שמואל בוך· דער ערשטער שאַפט ריטער־ראָמאַנען און ראָמאַנסן לויטן מוסטער פון די דייטשע ניבעלונגען, מעשיות מיט הילדערבראַנד, קרימהילד און אַנד· נאָכמאַכונגען פון די דייטשע "זאָגן"· אָבער לייב פאַרשטייט נישט פאַרוואָס בת־שבע איז נישט אינטערעסאַנטער, ווי קרימהילד און דוד המלך פון הילדעבראַנדן.

און אַזוי דערציילנדיק קעמפט אָפּאַטאָשו מיט קנאות און מיט ליבשאַפט און ער דעמאָנסטרירט גלייך, אויפן אָרט, יידישע קאַרנאַוואַלן, מנהגים, שמחות, ווערטלעך און אַפילו ניבול פה, צו געבן דאָס בילד פון אַ פול יידיש לעבן, רייך און וואַראירט אין קאָלירן און פאַרבן.

און דאָס בוך־פּרעטעקסט ווערט אונדז צום סוף זער נאָענט און ליב און מיר גייען דערפון אַוועק באַרייכערט מיט וויסן און אָפּאַטאָשו צווינגט אונדז צו אָנערקענען די וואַרשיינלעכקייט פון זיין היסטאָרישער ווערסיע, זי צו אַקצעפּטירן, אַפילו די אין פלוג אומוואַרשיינלעכקייטן.

# קינדער
# אין אנבליק
# פון טויט



רימל" איז דאָס ספר פון פּאָגראָם. דאָס געזאַנג און קלאָג־ליד פון יידיש בלוט, וואָס גיסט זיך, האָט זיך געגאָסן און צו וואָס עס שאַרפן זיך און גרייטן זיך אַלע פינצטערע חלפים אין יעדן דור... עס זענען פאַראַן אין דעם בוך מזמורים אָדער בילדער, ווי די מחברין, טעאַ אַרציִשעווסקאַ רופט אָן די קאַפּיטלען פון איר דראַמאַטישן ציקל: פון פאַר דער טאָטאַלער שחיטה און נאָך איר. כראָנאָלאָגיש, באַציען זיך אַ טייל פון זיי צו די שחיטות פון ערשטן וועלט־קריג, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אוקראַינע, אַ טייל פון זיי זענען אפשר געווען געשריבן אונטערן רושם פון די בהלות און שרעקענישן פון ערשטן קריג אין פוילן גופא, ווען גאַנצע קהילות זענען אין איין טאָג צעבראָכן געוואָרן, זייערע יידישע איינוווינער פאַרטריבן, ווען וואַרשע איז פול געווען מיט פּליטים, מיט הונגעריקע און פאַרפּייניקטע קינדער און זקנים. אין יענעם יאָר, ווען פּרצס האַרץ האָט געפּלאַצט, נישט קענענדיק אַריבערטראָגן אַזוי פיל גויט און צער, אַזוי פיל היימלאָזיקייט פון יידישן קינד.

אַ טייל פון די געזאַנגען איז באַשיינפּערלעך צוגעגעבן אָדער איבערגעאַרבעט געוואָרן שוין נאָך דעם טאָטאַלן חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דער מחבר פון „מרימל" האָט זיך אַליין געפונען אין

סאַמע מיט פון גיהנום. אַנדערש, זענען געוויסע בילדער, געוויסע קלאַנג־ רייד זיך נישט פאַרצושטעלן, אַפילו ווען אַ קינד אַ נביא זעט די בילדער, רעדט די רייד.

אָבער „מרימל“ איז פאַר אַלעם אַ בוך פון אַטמאָספערע, פון שטי־ מונגען און געזאַנגען, זעאונגען און שטימונגען פון פאָגראָם, אַטמאָספע־ רע פון אַנגסט, פון יידישן פאָגראָם־פחד, אָן אָרט און אָן צייט.

דער פחד ווערט אין דאָזיקן בוך אויסגעדריקט דורכן מויל פון קינ־ דער. פיצעלעך קינדער זענען פול מיט רייד וועגן טויט, רעדן כסדר וועגן שטאַרבן, וועגן הרגענען. זיי וויינען אַפילו שוין נישט, נאָר גליווערן אין שרעק. אין בוך איז נישט פאַראַן די מינדסטע אַקציע, ווי אַלע געשעע־ נישן וואָלטן אַנטמאַטעריאַליזירט געוואָרן און בלויז דער פחד דריקט אויס זייער פאַראַנענקייט, אין זייער דראַמאַטישער שפּאַנונג

ווי דער פאָגראָם וואָלט בלויז דערגאַנגען צו די קינדערישע הער־ צעלעך און מוח־לעך ווי אַ באַגריף, ווי דער שוואַרצער גייסט פון אַן אומ־ זעבאַרער רשעות.

איינס פון די קינדער, דאָס 12־יאָריקע טעכטערל פון אומגעבראַכטן דיין, דער הויפּט־פערסאָנאַזש פון דער דראַמע, מרימל, איז אַ גייסטיק־ קראַנקע. ווי אַ קינד און ווי אַ וואַנזיניקע, איז זי פריי אין אירע רייד, אין אירע רעאַקציעס. זי זעט אַלץ און הערט אַלץ, זי איז כסדר קרענק־ לעך־וואַכזאַם. זי רעדט אויסטערלישע, שאַרפע רייד, שפּיציקע און פאַ־ טעטישע גראַמען פאַלן פון אירע ליפּן. אויף יעדן קרעכץ, אויף יעדן וואָרט פון די „גרויסע“, רעאַגירט זי גלייך מיט אירע איראָניש־צמצום־ דיקע גראַמען. יעדער פון זיי — אַ תהום פון פעסימיזם, פון געפּעפּערטער און געזאַלצענער איראָניע.

„זינט דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן איז די נבואה געגעבן געוואָרן צו קינדער און גייסטיק־קראַנקע“ — זאָגט אַ לומדיש וואָרט, און ווען איז נאָך אַזוי גאָטס מקדש חרוב געוואָרן ווי אין אונדזערע צייטן; און ווען איז נאָך דאָס יידישע קינד אַזוי איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון שוחט, ווי אין אונדזערע צייטן; און ווען האָט דאָס יידי־ שע, דאָס איבערגעבליבענע יידישע גייסטיק אומגלייכגעוויכטיקע קינד

נאָך געהאַט אַזוי פיל רעכט צו גבוהה, ווי דאָס יידישע קינד פון די צייטן פון טאַטאַלן אומקום?

די מחברין ווייזט דאָ אַרויס אַ זעלטענע שאַרפקייט צוזאַמען מיט אַן איבעראַשנדיקער פּאָלקסטימלעכקייט.

עס זענען פאַראַן ערטער אין בוך פון טעאַ אַרצישעווסקאַ, וואָס גרענעצן זיך מיט געניאַליטעט. און דער עיקר די שטראַלנדיקע, געהויבענע רייד פון דער קרענקלעכער מרימל, מרים הנביאה.

פון די 15 בילדער פון דראַמאַטישן ציקל גייען די ערשטע פינף בילדער דורך אין קעלערס און באַהעלטענישן; די 7 פון צווייטן טייל דערציילן פון וואַנדערונגען פון אוקראַינע נאָך פּוילן. „און דאָ, אין פּוילן, וועט מען שוין נישט קוילן"? — פרעגט מרימל. דאָ קומען אַ גאַנצע ריי גראָטעסקע סצענעס פון צונויפטרעף מיט עסקנים, פאַרזאָרגערס. קינדער קומען אַביסל צו זיך, ווערן צוריק קינדער, שפּילן זיך אין די ליידיקע שטיבער, וואָס פאַרשווונדענע יידן האָבן איבערגעלאָזט, פול מיט ספרים, מיט טליתים, סידורים.

די קינדער נעמען אַרויס די ספרים זיך מיט זיי צו שפּילן. מרימל זאָגט: „ריר נישט אָן דעם ספר. ער דאַוונט יעצט... נישטאָ די יידן, דאַוונען די ספרים אַליין... זאָגן תהילים".

עס זענען פאַראַן אין בוך שפּיל־סצענעס פון קינדער, וואָס וואָלטן אין די הענט פון אַ קינסטלער־רעזשיסער געקענט ווערן דאָס, וואָס עס זענען געוואָרן אין זייער צייט די טענץ פון די אָרעמע לייט אין „דיבוק". זיי וואָלטן אפשר אינספּירירט אַ נייעם טעאַטער־נוסח אויף לאַנגע יאָרן, דאָס, וואָס די יידישע וועלט ברויך איצטער און וואָס איז דעמאָלט, אין די צייטן פון „דיבוק", געווען דער פאַל.

די לעצטע דריי בילדער פון דראַמאַטישן ציקל זענען געזאַנגען פון טרייסט, טרייסט פון באחרית הימים. עס וועט קומען אַ צייט... ווען די שעפּסעלעך וועלן פאַריאָגן דעם וואָלף.

מרימל פירט די קינדער צום דאָזיקן לעצטן קאַמף. די קינדער פאַרשווונדן און מרימל בלייבט אַליין. זי זעט אין אַ לעצטער וויזיע דעם רבם זין שלום, וועמען זי האָט ליב:

מרימל: עס גייט אַ ים... קינדער קומען! ס׳איז דער סימן...
ס׳איז דער סימן!...

שלום! פאַרויס גייען, שוועבן דורות!...

מרימל: ווייסע ביינער מיט מנורות! מיט הבדלות אין די הענט!
ליכט פלאַקערן און ברענען!

שלום: עס פליען זיי נאָך טויבן ווייסע!...

מרימל: פליען הויך.
עס גייען נאָך נאָך זיי די שטערן!
עס גייט נאָך נאָך זיי די זון!
זי שיינט! זי שטראַלט! זי גליט!...
אין דער זון לייכט אַן אות... אַ ייד, אַ ייד.

„מרימל“ איז לויט מיין מיינונג, איינס פון די שטאַרקסטע חורבן־ביכער, וואָס זענען אין די לעצטע יאָרן געשריבן געוואָרן. אַ קינה אויף דורות כאָטש רעאַל־ממשותדיק איז אין אים גאָרנישט דאָ פון חורבן. איך וואָלט די דראַמע אָנגערופן די פּאָעזיע פון אַנגסט, שרעק, אויסגע־זונגענע דורך קינדער. אַלץ איז דאָ אַזוי אומוואַרשיינלעך און דאָך אַזוי טראַגיש־ווירקלעך.

די אויטאָרין פון דער דראַמע „מרימל“, טעאַ אַרציששעווסקאַ, איז אַן איינוווינערין פון פּאַריז זינט נאָך דער מלחמה. זי זעצט דאָ פאָר אירע טראַדיציעס פון אַ ליבהאָבערין און פלעגערין פון דער יידישער קונסט, נאַטירלעך אין אַ פּיל רעדוצירטן פאַרנעם ווי אין אַמאָליקן וואַרשע. לויט די פּראָפּאָרציעס פון פאַרנעם פון פּאַריז ווי אַ יידישן צענטער לגבי דעם אַמאָליקן יידישן וואַרשע און אויך לגבי די אייגענע אַמאָליקע יונגע יאָרן...

זי האָט דעביוטירט ווי אַ דיכטערין און ווי אַן אַקטריסע אויף דער פּוילישער בינע נאָכן פאַרענדיקן אַ פּוילישע דראַמאַטישע שולע, וואָס דאָס איז געווען זייער אַ גרויסע רעוואָלוציע אין יענע צייטן פאַר אַ טאָכ־טער פון נגידיש־חסידישן יחוס, וואָס זי איז געווען. זי איז שפּעטער נאָך אַ גאָר יונגיטשקע אַריין אין נאָענטן קרייז פון י. ל. פּרץ, וועלכער האָט

אויף איר אויסגעאיבט אַן אייביקע גייסטיקע השפּעה, פון וואָס די שפּורן זעען זיך נאָך גאַנץ דייטלעך אָן אין לעצטן ווערק.

אַפילו דער נאָמען פון איר „העלד‟ אין בוך קומט פון יענע פרצישע צייטן, ווייל איך לייען אין „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַ־טור‟, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין ניו־יאָרק — ביז איצט די ערשטע דריי בענד — אַז פּרץ האָט איר געגעבן אַ טעאַטער־נאָמען — מרים איזראַעלס — בעת זי איז איבערגעגאַנגען אויף דער יידישער בינע און אים אַליין געשפּילט.

הייסט עס, אַז די „איזראַעלס‟, טעאַ אַרצישעווסקאַ, האָט אין איר הויפּט־העלד אַריינגעגעבן אַ סך פון זיך אַליין. אַנדערש קען עס אויך נישט זיין. אַ קינסטלער, וואָס גיט נישט זיך אין אַלע געשטאַלטן און קרעאַציעס, וואָס ער שאַפט, האָט נישט קיין שייכות מיט קונסט.

אין אונדזער פאַל איז „מרימל‟ מיט אַלע אירע משונהדיקע רייד, מיט איר גאַנצער פּאַטעטיש־דראַמאַטישער געשטאַלט און אומנאַטירלע־כער עקזאַלטירטקייט, דאָס קינד, דער אויסדרוק פון דער עקזאַלטירטקייט פון אונדזער פאָלק, פון אונדזער צייט און פון דער דראַמאַטישער גע־שפּאַנטקייט פון אונדזער פאָלק און אונדזער צייט. אין דער געשטאַלט זעט זיך אויך דייטלעך די אויסשטראַלונג פון אַן אַלטער יחוסדיקער יידישער היים מיט גרויסע הענג־לאָמפּן, שווערע קאַנדעלאַבערס און ברייטע מזוזות און רייכע ספרים־שענק, פון וואַנען די מחברין קומט.

# דער מקונן
# פון אויסגעהרגעטן
# יידישן פאלק



עם דיכטער פון „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“ האָט זיך אין די צייטן פון דער טראַגישערווירקלעכקייט זיכער נישט געחלומט, אַז אויף דער וואַנט פון האָטעל אין שיינעם פראַנצויזישן קוראָרט וויטעל, וואָס איז דורך די נאַציס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער, וועט איינגעמויערט ווערן אַ טאָוול פאַר זיין אָנדענק וועגן, און אַז אַ פייערלעכע און רירנדיקע צערעמאָניע וועט אויפן אָרט איינגעאָרדנט ווערן.

וואָלט ער געקענט האָבן די קלענסטע אַנונג דערפון, וואָלט דער בעל איכה פון דריטן חורבן אפשר געגאַנגען צום אומקום אַ געטרייסטער, וויל פאַרצווייפלונג איז זייער ווייט געווען פון זיין אמתער נאַטור. אָבער ער איז אַוועק פון דער וועלט אַ פאַריאושטער, אָן האָפענונג זיך אויסגעלאָשן. ער האָט געענדיקט ווי אין זיין ליד „אַזוי פאַרגייט מיין האָפענונג, אַזוי פאַרגייט מיין טרוים“.

עם איז דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן באַשערט געווען צו טראָגן זיין אייגענעם מאַרטירער גורל אין גרויסן ים פון פיין. איבערגעלעבט דעם אומקום פון וואַרשעווער געטאָ, עדות פון דער דעפּאָרטאַציע פון זיין פרוי און צוויי זין, ווערט ער מיט זיין עלטסטן זון און דריי הונדערט יידן, וואָס

האָבן אַזוי ווי ער אויסלענדישע פּעסער פון אַ מלוכה אין צענטראַל אַמע־ריקע, איבערגעשיקט אין פראַנצויזישן קוראָרט וויטעל, וו עס איז דאָ אַ קאָנצענטראַציע לאַגער פאַר פּריווילעגירטע, פאַר מענטשן מיט האָפּע־נונג. די אויסלענדישע מלוכה באַדאַרף בלויז צו באַשטעטיקן די אויטענ־טישקייט פון די פּעסער. די מלוכה האָט אָבער געטאָן דאָס פאַרקערטע, און די דריי הונדערט יידן, צווישן זיי דער דיכטער, ווערן נאָך אַן עטלע־כע חדשימדיקן אויפהאַלט אין פראַנקרייך „לעגאַל" דעפּאָרטירט, אין אַפּריל פון יאָר 1944, פיר חדשים איידער פראַנקרייך אין באַפרייט גע־וואָרן.

גאָר טראַגישער איז דער גורל פון דיכטער דערמיט, וואָס ער איז געווען די הדווה אַליין און האָט באַדאַרפט ווערן פון דער השגחה באַ־שטימט צו זיין דער מקונן פון פאָלק. דער דיכטער פון די „זון פאַרגייט אין פלאַמען" פון „מה יפים הלילות בארץ כנען" און פון אַזוי פיל אַנ־דערע פון אַלעמען געזונגענע יידישע און העברעאישע לידער איז געווען די פריינדלעכקייט, די פרייטלעכקייט און די גוטמוטיקייט אַליין. קיינער האָט נישט אַזוי ווי ער פאַראייניקט אין זיך אויפן נאַטירלעכסטן אופן אַ גלייכע ליבע צו יידיש און העברעאיש, צו די נביאים או צו דער נייער יידישער ליטעראַטור. עפּעס האָט ער פאַרמאָגט פאַר די בלעטער פון די הייליקע שריפטן אַ באַזונדערן חוש, אַ מין אינסטיקטיווע פאַרשטענדעניש. ער איז געווען ממש די פאַרקערפּערונג פון פאַלקסטימלעכקייט און באַ־שאַפן איז ער געווען צו זיין דער זינגער פון נאַטור, פרייד און לעבנס־לוסטיקייט.

אין לויף פון יאָרן אין לאָדזש איז מיר אויסגעקומען אים צו זען כמעט יעדן טאָג אויפן וועג פון זיין עלטערנס היים אָדער שפּעטער פון זיין אייגענער, צו דער מיטל־שולע, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט. עס האָט אים באַגלייט אַ שטענדיקע פרייד, אַ זינגעוודיקייט און אַ באַפליגלטע ענערגיע. פון פולן און זאַטלעכן פּנים האָבן אַרויסגעשיינט צוויי פלאַמיקע אויגן, וואָס האָבן באַשטראַלט דעם אַבּיסל באַלייבטן גוף און האָבן עדות געזאָגט, אַז אָט די באַלעבאַטישע אויסערלעכקייט איז אַ יוסטער לבוש פאַר אַ פּאָעטישער אינערלעכקייט.

האָט דער גורל, דער ביטערער יידישער גורל געוואָלט, אַז גראָד אויף די פּלייצעס פון דאָזיקן פולפריידיקן, שהשמחה־במעונודיקן פּאָעט זאָל

אַרויפֿגעצוווּנגען ווערן דער עול פֿון ווערן אַן איכה־זאָגער אַ מקונן פֿון גרעסטן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק אין אַלע צייטן, צו ווערן דער מחבר פֿון דער טראַגישסטער קינה דאָס „ליד פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק". און נאָך אַ שרעקלעכע מיסיע האָט אים דער ייִדישער גורל פֿאַרטרויט: אַז ער, דער בעסטער און טרייסטער מאַן און פֿאָטער, זאָל ווערן דער מספּיד פֿון זיין פֿאַרטיליקטער משפּחה, איידער ער איז אַליין אַוועק מיטן אומ־קום־וועג פֿון די מיליאָנען.

אַוודאי האָט שוין יצחק קאַצענעלסאָן פֿריער געוווּסט — וועלכער אמתער דיכטער ווייסט עס נישט — צו פֿאַרגלייכן אונדזערע חלומות און אונדזערע האָפֿענונגען צו דער פֿאַרגייענדיקער זון, אָבער אַז גראָד ער וועט האָבן די טרויעריקסטע פֿון אַלע אויפֿגאַבעס, צו באַווייגען דעם אונטערגאַנג פֿון שיער נישט זיין גאַנץ פֿאָלק, האָט ער זיכער קיינמאָל פֿריער נישט געקענט אָנען.

ירמיה האָט געקלאָגט אָבער קיין מאָל נישט פֿאַרלוירן די האָפֿע־נונג אַז קומען וועט אַן אויסלייז, און קיין מאָל איז אים נישט אויסגעקו־מען צו צווייפֿלען אין דער ווייטערער עצם־עקזיסטענץ פֿון זיין פֿאָלק; יחזקאל האָט געזען אַ מאָל מיט ביינער, אָבער געגלויבט האָט ער, אַז עס קאָן נאָך אַריין אין זיי אַ גייסט פֿון לעבן. יצחק קאַצענעלסאָן, דער מקונן פֿון אונדזער צייט, האָט אַרויסגעשריגן זיין קלאָגליד און איז אַוועק מיטן יאושדיקן געפֿיל, אַז זיין פֿאָלק איז טויט. און קיינער, קיינער וועט שוין די מתים נישט קענען מער אויפֿלעבן.

„ניטאָ אויף וואָס אַ לייב אַרויפֿצוזעצן\
און אויף וואָס אַ הויט אַרויפֿציען\
און וואָס אַריינבלאָזן אַ גייסט —\
זע, זע אַ פֿאָלק אַן אויסגעהרגעטער דאָ גאַנץ,\
אַ פֿאָלק געטויט\
קוקט אונדז אָן שטאַר,\
קוקט אָן מיט אויגן אונדז פֿאַרגלייזט".

האָט ער פֿאַרצווייפֿלט געזונגען אין זיין צוואה ליד. און דאָך וואָלט שוין באמת קיין שום פֿונק פֿון האָפֿענונג נישט געטליעט אין זיין האַרץ,

וואָלט ער דאָך זיין פאַרצווייפלונג נישט געגעבן קיין אויסדרוק, וואָלט ער זיין קינה־פּאָעמע נישט אַזוי זאָרגעוודיק פאַרגראָבן אין דער ערד, וואָלט ער זיינע פערזן נישט פאַרבאַהאַלטן אין פלעשלעך און וואָלט קיינעם נישט אָנגעזאָגט זיי צו פאַרעפנטלעכן.

---

עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין שיינעם קוראָרט וויטעל. די בעסטיע וואָס האָט אַלץ און אומעטום געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ ים פון בלוט און טרערן האָט אויך פון דאָזיקן הערלעכן נאַטור־ווינקל געקענט מאַכן אַ לאַגער פון איזאָלאַציע, פון פּיין און אומקום. איך האָב געזען עטלעכע גרויסע פּרעכטיקע האָטעלן, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרקראַטעוועטן קאָנצענטראַציע־לאַגער. און באַזוכט האָב איך אויך דאָרט דעם קליינעם מיליטערישן בית עולם, איז אויך דאָרט דאָ אַ באַזונדערער ווינקל פאַר דער באַזונדערער יידישער טראַגעדיע: אין טאָג ווען די רוצחים האָבן געדיכט אַרומגערינגלט דעם לאַגער צו דעפּאָרטירן די „אומגעזעצלעך" אינטערנירטע, די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אמתע אויסלענדישע פּעסער און זענען דעריבער דאָס „געזעצלעכע" אייגנטום פון מחבל, יענעם טאָג זענען יידישע מענער, פרויען און קינדער געשפּרונגען פון די שטאָקן פון האָטעל־לאַגער און געפאַלן פון די נאַצי קוילן. איצט רוען דאָ זייערע גופים אין עטלעכע גלייכע מיליטערישע רייען און די האַנט, וואָס פלעגט און באַבלימלט די קברים פון די געפאַלענע דאָרט רוענדיקע פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, לייגט אויך אַמאָל אַ בלימל אויף די יידישע קברים.

אָבער יצחק קאַצענעלסאָן רוט נישט צווישן זיי. דער דיכטער און זיין זון צבי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום אָרט פון אומקום פון אַלע זעקס מיליאָנען, צו די טויטע אָן אַ קבר.

# דאָס
# קידוש־השם־בוך
# פֿון אַ יונגן שרייבער

ון עס איז געווען אין די טעג פֿון... ערני לעווי פֿון שטילנשטאָט, וואָס אין דייטשלאַנד, דער זון פֿון בנימין לעווי, עמיגרירט פֿון פּוילישן שטעטל זעמיאַק, דער זון פֿון מרדכי, דער זון פֿון יהושע, דער זון פֿון רבי חיים פֿון קיעוו, אַ תּלמיד פֿון בעל־שם, דער זון פֿון יעקב פֿון פּאָלאָצק, זון פֿון יונתן פֿון באָהעמיע און מאָראַוויע, זון פֿון מתּתיהו פֿון ענגלאַנד, זון פֿון שלמה, זון פֿון רבי יום־טוב לעווי פֿון יאָרק...

אַלע, אַ קייט פֿון רבנים, צדיקים, גוטע ייִדן און למד וואָווניקעס. דער רוב פֿון זיי אומגעקומען על קידוש השם אין פֿאַרשידענע צייטן, אין פֿאַרשידענע לענדער.

דער ערשטער אין דער דאָזיקער לאַנגער רײ איז דער רב פֿון יאָרק אין ענגלאַנד. ווען אין אַ טאָג פֿון יאָר 1285 וואַרפֿט זיך דער קריסטלעכער המון אויפֿגערייצטע דורכן ביסקופּ אויף די ייִדן פֿון שטעטל, ראַטעוועט זיך אַ טייל פֿון דער עדה ייִדן מיטן רב, רבי יום טוב לעווי אין אַ טורעם אַריין. ווען דער המון באַלאַגערט דעם טורעם, הרגעט זיך די גאַנצע עדה אויס איינער דעם אַנדערן, גישט אַריינצופֿאַלן אין די הענט פֿון זייערע שענדער.

דער לעצטער אין דער דאָזיקער לאַנגער רײ איז דער יונגער בחור ערני לעווי פֿון דייטשלאַנד, דאָס אור... אור... אייניקל פֿון רבי יום

טוב לעווי. ער קומט אום על קידוש השם אין די גאַז־קאַמערן און קרע־מאַטאָריע פון אונדזערע צייטן, צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פאָלק פון פוילן, פון וועלכן ער שטאַמט און מיט די אַנדערע מיליאָנען פון אַלע לענדער פון אייראָפּע.

אין בוך „דער לעצטער פון די צדיקים" ווערט דערציילט די קי־דוש־השם געשיכטע פון ערני לעווי, פון די פיזישע און נשמהדיקע פּיין פון יידישן יינגל אין דער היטלער־תקופה אין דייטשלאַנד, אין פראַנ־צויזישער עמיגראַציע און שפּעטער אין דראַנסי און דעפּאָרטאַציע.

עס איז אַ גרויס געמיש פון לעגענדע און געשיכטע, וואָס דער מחבר האָט מיט זיין גליענדיקער פאַנטאַזיע באַהאָפטן און זיי געלאָזט בכוונה אַזוי גיין צוזאַמען, ווי זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען באַהאָפטן אין לעבן און צוזאַמען פאָרמירט די גרויסע קידוש־השם־געשיכטע פון אַ פאָלק אין אַלע לענדער און אין אַלע דורות.

ווי אַ בין, וואָס טראָגנדיק זיך אין פלי, אין פלאַטער איבער בלומען פון אַלע קאָלירן און אַלע ריחות, שמעקט אַרום, זויגט און ציט פון זיי אַלע זאַפטן, זיי דערנאָך צו פאַרוואַנדלען אין אייגענעם וואַקס און האָניק, אַזוי האָט דער יונגער ייד אַנדריי שוואַרץ־באַרט, געצויגן און געזינגען פון לעגענדעס, פון מעשיות און קלוגע רייד פון אַלטע ספרים, פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, פון געשיכטע און דאָקומענטן, פון חורבן־ביכער און פון צווישן יידן און יידישע שטיבער און פון אייגענעם איבערלעבן און מיטלעבן, שטאָף און מאַטעריאַל אויפצובויען פאַר נישט־יידן דאָס בוך פון יידישער הייליקייט און דאָס ספר פון יידישן יאָמער־טאָל אויף דער ערד פון די פעלקער, דעם מאָדערנעם „עמק הבכא".

שוואַרץ־באַרט איז געבוירן אין פראַנקרייך. ער האָט דאָ אויף דער ערד פון זיין געבוירנשאַפט דורכגעמאַכט אַלץ, וואָס אַ יידיש יינגל פון אַ 12—15 יאָר האָט דאָ געקענט דורכמאַכן אין די יאָרן פון באַרבאַרישער ממשלה : הונגער, פאַרוואָרלאָזטקייט, אַ פאַריתומדיקייט, וואָס טאָר נישט אַרויסגערעדט ווערן, פחד און גבורה. אַרויס פון די אַלע נסיונות, אַן איזאָלירטער, אַ נשמה־פאַרפייניקטער, שטייגט זיין דורשט צו יידיש־וויסן אין דער זעלביקער מאָס, ווי זיין יידיש געוויסן. מער, ווי ער קען שטילן דאָס ערשטע, קען ער באַקרעפטיקן דאָס צווייטע. און אויב ער קען נישט

פאַרטיפֿן זיין יידיש וויסן אין דער געגאַרטער מאָס, פאַרטיפֿט ער דער־פאַר אין דער פֿולער מאָס זיין יידיש געוויסן, זיין יידיש געפֿיל, זיינע יידישע עמפֿינדונגען, זיין יידיש האַרץ.

עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז די שנאה, די באַרבאַריי, דער בלוט־דורשט זאָלן קומען בלויז פֿון איין פֿאָלק, פֿון איין דור, זיי מוזן דאָך ערגעץ טיף וואָרצלען אין צייט און אין שטח. איז דאָך ייד־גוי ווי אַ סתירה־באַגריף נישט אַוועקגעשטעלט געוואָרן בלויז אין אונדזערע צייטן און דער ייד, וואָס האָט אויסגעטראָגן אַזוי פֿיל שנאה, אַזוי פֿיל קרבן, אַזוי פֿיל אמונה פֿון ווי און פֿון וואַנען האָט ער דערצו געשעפּט כוחות ?

ווו איז דער ענטפֿער, ווו איז די טרייסט ? ווו איז די האָפֿענונג ? דער יונגער מחבר גיט אונדז די הייליקייט פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. ער גיט די אויסדערוויילטקייט פֿונעם איצטער, וואָס האָט בלויז געביטן די צורה אָבער נישט דעם תוך, אָבער קיין שום ענטפֿער פֿאַר דער צוקונפֿט. איז דאָך דער לעצטער צדיק פֿאַרברענט געוואָרן !

אין דער געשיכטע און דורותדיקן גאַנג פֿון דער משפּחה לעווי, אינעם צוזאָג, אַז אין יעדן דור וועט זי האָבן אַ צדיק, אַ למד וואָווניק, פֿאַר־קערפּערט דער מחבר און סימבאָליזירט דעם גאַנצן יידישן דורותדיקן גאַנג, די גאַנצע יידישע מאַרטיראָלאָגיע און אויסדערוויילטקייט, זיין גאַנצע קי־דוש־השם גרייטקייט, זיינע מידות פֿון רחמנות, נאָענטקייט צו גאָט און ליבשאַפֿט צום מענטש.

אַלע צדיקים, צוערשט אין ענגלאַנד, דערנאָך אין פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד, ווייסן נישט פֿון קיין מנוחה, פֿון רואיקן טויט, אַלע קומען זיי אום מיט אַ קידוש השם־טויט. אַזוי ביז צו די צייטן פֿון זעמיאַק, ווען עס שטעלט זיך איין אין פּוילן מנוחה פֿאַר יידן במשך פֿון עטלעכע דו־רות, און אויך דער אופֿן פֿון לעבן בייט זיך. מרדכי (דער זיידע פֿון ער־ני) איז שוין אַ יגיע כפּימניק, וואָס שרעקט זיך נישט פֿאַר פֿיזישער אַר־בעט און האַלט ווייטער הויך דעם כבוד פֿון יידישער גייסטיקייט און אויס־דערוויילטקייט. זיין זון בנימין, אַ פּשוטער שניידער, עמיגרירט אין דייטש־לאַנד, זייענדיק אינגאַנצן אַ מענטש פֿון אונדזער צייט, הערט ער נישט אויף צו זיין פֿאַרוואָרצלט אין אַלע יידישע צייטן און קיין שום יידישע צרות טרעפֿן אים נישט אומצוגרייט.

אין די צייטן פון מרדכי פון זעמיאק הויבט זיך ווידער אָן באַ־גייען דער ציקל פון שחיטות. דאָס מאָל, ווי בעת גזירת ת"ח, דורך דער היידאַמאַקשטשינע — פּעטליורע אין אוקראַינע. די משפּחה לעווי, ווי שוין געזאָגט, עמיגרירט קיין דייטשלאַנד.

דער לעצטער פון דער משפּחה, ערני, דער יונגער צדיק, איז שוין געבוירן און דערצויגן אין דייטשלאַנד, אָבער יידישע מידות, יידישע צרות זענען אים פּונקט אַזוי אייגן ווי זיינע אבות פון אַלע צייטן.

אויב די משפּחה לעווי פאַרקערפּערט אין זיך אַלע מידות פון פאָלק און אויב זי סימבאָליזירט די געשיכטע פון גאַנצן פאָלק, טאָ וואָס בלייבט דעם יידישן פאָלק נאָך דעם ווי דער לעצטער צדיק איז פאַרברענט גע־וואָרן אין דער קרעמאַטאָריע ?

שוואַרץ־באַרט פאַרענדיקט זיין בוך מיט דער שיינער אגדה פון רבי חנינא בן תרדיון. רבי חנינא איז געווען איינער פון די עשרה הרוגי מלכות און ווען די רוימער האָבן אים פאַרברענט צוזאַמען מיט אַ ספר תורה, האָבן די תלמידים געוויינט. ער אָבער האָט זיי געטרייסט: בלויז דער פּאַרמעט ווערט פאַרברענט, האָט ער געזאָגט, אָבער די אותיות פליען אַרויס... זיי בלייבן.

דאָס האָבן די אותיות איבערגעלעבט די גאַז־קאַמערן און די קרע־מאַטאָריעס. און דאָס האָבן די פליענדיקע אותיות פון די הייליקע ספרים געבויט ארץ ישראל נאָכן גרויסן חורבן און דורך ארץ ישראל ווידער באַ־קרעפטיקט דעם ווילן ביי יידן צו בלייבן אַ פאָלק.

שוואַרץ־באַרט, ווי געזאָגט, האָט געהאַט די מעגלעכקייט מער צו פאַר־טיפן זיין יידיש געוויסן, ווי דעם ים פון יידישן וויסן. פון דעם זענען אַרויס געקומען קליינע פּגימות. אָבער ווער זעט דאָ נישט אויף טריט און שריט טאַקע דעם גרויסן דורשט פון יונגן פאַרפרעמדטן ייד צו וויסן, צו דער־גיין, צו פאָרשן, זיך אָנצופרעגן ביי אַלע צייטן, ביי אַלע דורות, ביי אַלע אגדות און געשיכטעס וועגן גויאישער שנאה און יידישער גבורה וועגן סוד פון די פעלקערם בלוט־דורשטיקייט און וועגן סוד פון יידישן קיום ?

אָפטמאָל קומט אויס דעם מחבר אונטערצווואַרפן די עסטעטיק דער עטיק, מער צו באַטאָנען דעם אמת ווי די קונסט, אָבער אויך ריין קינסט־

לעריש געגומען זענען דאָ וווּנדערלעכע ערטער אין דאָזיקן וווּנדערלעכן בוך.

מער ווי איינמאָל פאַרוואַנדלט ער זיינע איראָנישע שפּילקעס, וואָס ער שטעכט אַריין אין דער נישט־יידישער וועלט אַריין, אין שטילן, דינעם הומאָר און פיינע אידילישע שטייגער־שילדערונגען פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער דראַמאַטישער אינטענסיווקייט.

מעכטיק איז די געשטאַלט פון גרויסן זיידן מרדכי לעווי פון זעמיאַק, איידל און קרעפטיק איז די שיינע געשטאַלט פון דער באָבע יהודית.

ערני, דער וואָס טראָגט אויף זיך אוים די גאַנצע קידוש השם־געשיכטע, איז אַ געוואַלטיקע קאָמפּאָזיציע פון מאָראַל, געווים, מידות און מענטשלעכע שוואַכקייטן. דער שמועס צווישן זיידע און אייניקל, די ליידן און ליבע פון ערנין אין דער דייטשער שול, דער שמועס צווישן בנימין און „גאַליציאַנער“ אין בערלין, דער שפּאַציר פון ערני מיט גאָלדע אין נאַציִשן פּאַריז, ערני אין דראַנסי, זענען ערטער פול מיט פּראַכט און טראַגישע אידיליע, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן.

# דער קלאַסיקער פון דער פילם-קונסט



יט טשאַרלי טשאַפּלין האָט די קינאָ־קונסט באַקומען איר קלאַסי־קער. פאַרשידן און קאָמפּליצירט זענען די דעפיניציעס וועגן קלאַסיציזם און קלאַסיקער. אָבער אין אונדזער פאַל אינטערעסירט אונדז נישט די פּרעציזע דעפיניציע פון באַגריף, פאַר אונדז איז גענוג דאָס, וואָס מיר אַלע זענען געווײנלעך געניגט אַרײַנצוליינן אין אים בעת מיר ווענדן אים אָן צו באַצייכענען אַ קינסטלער און מיר מיינען דעמאָלט צו זאָגן, אַז דער באַטרעפנדיקער קינסטלער איז אַ פּאָרגייער, אַ באַן־ברעכער, דער איין און איינציקער באַטרעטער פון וועג פון זיין פּערזענלעכן שאַפן, און אַז דער ווערט פון זיין שאַפן איז נישט בלויז פאַר זיין צייט, און נישט בלויז פאַר זיין לאַנד און רירט נישט בלויז אָן דעם אָדער יענעם פּרט פון לעבן, נאָר דאָס לעבן אַליין, דאָס מענטשלעכסטע אין מענטש.

דער קלאַסיקער קען האָבן נאָכלויפער און נאָכאַמער, אָבער קיין גלייכן צו זיך קען ער נישט האָבן. ער איז חד בדרא. איינציק און אַליין. ער האָט אַן אַלגעמיינעם ווערט, און דער ווערט איז פון אַלעמען אנערקענט. דאָס איז נישט בלויז וואָר פאַר אַ שעקספּיר, פאַר אַ מאָליער, פאַר אַ געטע, נאָר אויך פאַר אַ שלום־עליכם, הגם צוליב דער אָדער יענער סיבה האָט ער די ברירה נישט צו זיין איבערזעצט און נישט האָבן געוווּנען די אַלגעמיינע אנערקענונג. ווייל זיין אַלגעמיין־מענטשלעכער ווערט פאַר די

וואָס קענען אים, איז מחוץ יעדן ספק, מעגן זיינע טעמעס און פּערסאָנאַזשן זיין געשעפּט פון ענגן נאַציאָנאַלן קרייז, וועט זייער אוניווערסאַלקייט זיין שטענדיק זיכערער ווי ווען עפּעס אַ צווייט־ראַנגיקער קינסטלער וועט זוכן צו זיין אוניווערסאַל און אינטערנאַציאָנאַל.

אַ קלאַסיקער פאַרמאָגט נאָך אַן אייגנשאַפט : ער איז אומאָפּפרעגבאַר. איר אַקצעפּטירט ביי אים אַלץ אָן אָפּצופרעגן. איר האָט צו אים נישט קיין טענות ווי איר האָט זיי נישט צו קיין נאַטור־דערשיינונג. איר קענט העכסטנס זוכן זיי אויפצוקלערן, מסביר צו זיין, זיך צופּאַסן צו זיי, אָבער אָפּפרעגן איז נישט שייך.

עס וועט קיינעם מער נישט איינפאַלן צו באַצייכענען עפּעס אַ סצענע ביי מאָליערן אַלס צו ווולגאַר, אַ פערז ביי שעקספּירן אַלס צו מליצהדיק, אַ סיטואַציע ביי מנחם מענדלען אַלס איבערטריבן. אַ קלאַסיקער איז דער, וועמען מען קריטיקירט נישט מער, מען מעסט אים נישט. ער איז אַקצעפּטירט אַלס גאַנצעס. איר קענט מער פון אים גאָרנישט אָפּטיילן. ער איז איינציק און אַליין אויך מיט זיינע חסרונות.

די אַלע אויסגערעכנטע סימנים זענען פאַראַן ביי טשאַפּלינען. ער שטייט הויך אויפן אָלימפּ איינער אַליין. פון אַלעמען אַ באַוווּנדערטער, פון אַלע אַן אנערקענטער. ער האָט דערגרייכט אַלע הויכקייטן און טיפענישן פון לעבן און פון מענטש. ווי אַזוי ? מיט וואָסערע מיטלען ? וויפל איז דאָ פּסולת און וויפל עכטקייט ? קיינער וועט דאָס נישט דערמעסטן און קיינער וועט נישט דערשאַצן. ער איז צו נעמען אינגאַנצן אַזוי ווי ער גייט און שטייט. נישט איין קינסטלער האָט שוין אויף דער בינע פאַרקערפּערט דעם טיפּ פון אַ וואַגאַבונד, דעם טיפּ פון אַ שלעפּער אָנגעלאָדן מיט די מענטשלעכסטע געפילן. נישט איין קינסטלער האָט שוין געשאַפן דעם שלימזל, וואָס טראָגט אַרום ס'האַרץ אויפן טעלערל און געפינט נישט קיין אָפּנעמער... אָבער קיינער האָט די טעמע נישט אויסגעשעפּט פון אַלע אַספּעקטן ווי שאַרלאָ. נישט אַ וואַגאַבונד, נאָר דעם וואַגאַבונדיזם. נישט אַ שלעפּער מיט האַרץ, נאָר דעם מענטש, וואָס שלעפּט זיך מיט האַרץ ווערט פון אַלעמען אָפּגעשטויסן, אַפילו פון דער בלינדער בלומען־קויפערין, ווען זי ווערט זעעוודיק (שטאָט־ליכטער). נישט קיין פּרטים, נאָר דאָס גאַנצע, דאָס כּללדיקע און סימבאָלישע.

מיר האָבן אַלע געקענט און ליב געהאַט „שאַרלאָ“, זיין הילוך, זיין גורלדיק שטעקעלע, מיר האָבן געקענט און געפילט זיין האַרץ. מיר האָבן אים גערופן שאַרלאָ, אַ באַשעפעניש מיט אַן אייגן לעבן, מיר האָבן געזאָגט שאַרלאָ ווי מיר זאָגן „האַמלעט“, ווי מיר זאָגן פאוסט“, ווי מיר זאָגן „מנחם מענדל“. שעפער און שאַפונג האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן, ווי עס טרעפט נאָר ביי אויטענטישע, אמתע גרויסע קינסטלער.

און ווען עס איז אַוועק די צייט פון שטומען פילם, און פון עקראַן האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אַ מבול מיט רייד, איז טשאַפּלין נאָך אַלץ געקומען מיט זיין שטומען פילם „שטאָט־ליכטער“. זיינע זשעסטן האָבן נאָך מער גערעדט ווי אַלע קלוגע קינאָ־דיאַלאָגן. אָבער דאָס איז געווען דער לעצטער גאַנג פון שאַרלאָ, פון שטומען, קאָמישן, טראַגישן וואַגאַבונד.

דאָס איז געווען שאַרלאָס לעצטער גאַנג. עס זענען געקומען אַנדערע צייטן. עס איז שוין אַפילו שווער צו זיין אַ פרייער וואַגאַבונד. נאָך „שטאָט־ליכטער“ קומט דער „דיקטאַטאָר“. מיטן „דיקטאַטאָר“ גיט טשאַפּלין די צווייטע זייט, די סטרא אחרא. שאַרלאָ ווערט מגולגל אין דער הויט פון זיין קעגנער, איבערגעטון אין מלבושים פון גאווה, פון מאַכט און רשעות. ער ווערט שוין אויך אויס שווייגעוודיק. מאַכט שווייגט נישט, גאווה איז נישט שטיל. זי פּילדערט, זי שרייט, זי מאַכט פּראָפּאַגאַנדע. „מ׳סיע ווערדו“, דער פילם פון נאָך דער מלחמה געהערט אויך צום צווייטן זשאַנער. שאַדלאָ טראָגט דאָ די מלבושים פון דער עלעגאַנטער וועלט, פון „עלעגאַנטן“ פאַרברעכן.

אין „ראַמפּנליכט“ טוט טשאַפּלין אויס אַלע איבערגעטוענע מלבושים ער איז נישט שאַרלאָ און נישט זיין קעגנער. ער איז זייער שאַפער, דאָס איז ער אַליין אין זיין טאָפּלטגעשטאַלט. דער קאָמיקער און דער טראַגיקער, דער אַלטער קלאַון און די יינגע בענקנדיקע נשמה, דער אָפּגעשפּילטער צעבראָכענער צירק־מענטש און דער שטענדיק בענקנדיקער נאָך נייע דערפאָלגן.

אינעם פילם „ראַמפּנליכט“ דערמאָנט אונדז טשאַפּלין אין זיך אַליין ער דערמאָנט אונדז, אַז הינטער זיין שאַפן שטייט ער אַליין, זיין שע־פער. בלויז עטלעכע מאָל טוט ער נאָך אָן די מאַסקע, אונדז צו ווייזן

זיך און זיין ווערק, אַזעלכעס ווי ער אַליין האָט עס געשאַפֿן און ווי מיר האָבן עס ליב געהאַט צו זען. און ווען ער ווייזט דאָס, לאַכן מיר ווי אין די אַלטע צייטן, דער גאַנצער זאַל שטורעמט פֿון אַ הילכיק געלעכטער. אָבער באַלד וואַרפֿט ער אַראָפּ די מאַסקע, עס איז ווידער דאָ אַ מענטש, וואָס פֿאָדערט די רעכט אים צו נעמען ערנסט מיט זיינע ליבעס און אַנטוישונגען, מיט זיינע דערפֿאָלגן און דורכפֿאַלן.

זאָלן מיר רעדן וועגן סיוזשעט? אַזעלכע סיוזשעטן, ווי אַן אַלטער צירק־קלאָון פֿאַרליבט זיך אין אַ יונגער שיינער טענצערין, זענען שוין געווען אויף דער סצענע. אַזעלכע סיוזשעטן, ווי אַן אָפּגעשפּילטער אַקטיאָר האָפֿט נאָך אויף אַ לעצטן דערפֿאָלג, און ווען ער דערגרייכט אים, שטאַרבט ער אויף דער סצענע ביים ליכט פֿון דער ראַמפּע — איז שוין אויך געוויזן געוואָרן. מען דאַרף אָבער זען צו וועלכע מדרגות טשאַפּלין דערגרייכט ביים אינטערפּרעטירן זיין אייגן לעבן, מיט וועלכע איבערראַשנדיקע מיטלען ער באַקומט אַרויס די וווּנדערלעכסטע קאָנטראַסטן, כּדי זיך צו איבערצייגן, אַז מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך מסתּם אויך דעם גרעסטן טראַגיקער פֿון אונדזער צייט, נישט פֿאַרגעסנדיק דערביי, אַז ער איז דער אויטאָר פֿון די דיאַלאָגן, דער קאָמפּאָזיטאָר פֿון דער מוזיק און דער רעזשיסאָר פֿון די סצענעס.

אַריבער דרייסיק יאָר ווי טשאַפּלין האַלט אונטער זיין אויטאָריטעט און פּרעסטיזש אין דער עקראַן־קונסט. מיט הפֿסקות פֿון 5 יאָר גיט ער אונדז זיינע פֿילמען. און יעדער איינער פֿון זיינע פֿילמען ווערט אויסגעטייטשט, קאָמענטירט און באַוווּנדערט. מיטן לעצטן פֿילם האָט ער נישט בלויז באַשטעטיקט זיין רענאָמע, נאָר זי פֿאַרפֿעסטיקט און זי אויף אייביק געחתמעט. ער איז געוואָרן דער אומבאַשטרייטבאַרער קלאַסיקער פֿון דער קינאָ־קונסט.

שטאַמט טשאַפּלין פֿון יידן אָדער נישט? מען זאָגט, אַז ער איז פֿון אַ יידישער מאַמע, אָבער עפּנטלעך האָט ער נאָך דערוועגן קיינמאָל נישט גערעדט. אָבער אַ ייד פֿון בלוט אָדער נישט, איז ער עס זיכער פֿון גייסט. עס איז דאָ יידישעס אין זיין צער, אין זיין וואַגאַבונדיזם און דער עיקר אין זיין אויפֿפֿאַסן קונסט, נישט ווי אַ ציל נאָר ווי אַ מיטל, ווי אַ שפּיגל פֿאַרן מענטש און פֿאַר דער געזעלשאַפֿט.

# אינהאלט

# אפּרופֿן וועגן דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק"

„די יידישע צייטונג" — בוענאָס־איירעס — י. אָקרוטני

... „אַ קליינע יידישע אויסגאַבע, וואָס דערשיינט אַ דאַנק דעם אי־דעאַליזם מצד אירע טוערס. דערויף זאָגט עדות אויך די ציכטיקייט פֿון די ביכלעך און עס רעדט דערפֿון די געוואַגטקייט פֿון גיין קעגן שטראָם פֿון גלייכגילט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דער יידישער געזעלשאַפֿט וואָס שייך אַרבעט פֿאַר יידיש און יידישער קולטור, ווי אַן אָנשפּאַר פֿאַרן גייס־טיקן לעבן פֿון מאַסן, וואָס זענען דערווייליק אַריינגעפֿאַלן אין אַטראָפֿיע פֿון חומרדיקער באַרוישונג.

... עס איז נישט קיין גוזמא דאָס פֿעסטשטעלן,אַז מנוחה ראָם איז פּאָטענציעל אַ דערציילערין פֿון וועלכע מ'קען דערוואַרטן אַ וויכטיק ווערק. „ווייטער פֿון טראַקט" באַווייזט, אַז זי איז באַשאָנקען מיט אַן אַריינ־דרינגנדיק אויג, מיט אַ ליריש געמיט און מיט חוש פֿאַר פּסיכאָלאָגישן געמעל, וואָס ווערט אויפֿגעבויט פֿון כלערליי דעטאַלן און עלעמענטן. — —

— — — זי דערציילט פֿון אַ סביבה און אַ קלימאַט, וואָס זי האָט גוט דערקענט.

„דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל" — ניו־יאָרק — יעקב גלאַדשטיין

„.... יידיש האָט בכלל שפּעט און שוואַך אָנגעהויבן אין פֿראַנקרייך. און דער ווידערשטאַנד קעגן דעם רייכן פֿאַרשלינגנדיקן דרויסן אין דער יידישער עם־הארצ'אישער אָדער אַסימילירטער גלייכגילטיקייט איז אַ רירנ־דיקער.

... אין יידישן פּאַריז ווערט טאַקע אַלץ געטאָן, כדי גובר צו זיין דעם גליוועך און אומגלויבן אין דער צוקונפֿט פֿון יידישן וואָרט. אַ גאָר אינטערעסאַנטער אויפֿטו איז די מיניאַטור־ביבליאָטעק... און דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן מיט דעם טאַלאַנטפֿולן דערציילער אברהם ווייץ.

... ס'איז אַ זייער סימפּאַטישע אונטערנעמונג, וואָס פֿאַרדינט געשטיצט צו ווערן. הלוואי וואָלט מען אין ניו־יאָרק געקענט דורכפֿירן אַזאַ פּראָ־

יעקט. — — — די שענסטע דערציילונג אין דער גאַנצער מיניאַטור־זאַמלונג איז „אין אַ פּאַסאַזש“. דאָס איז אַ פּאָעמע וועגן פּאַריזער אָרעמקייט, וואָס לעבט און זינגט מיט יעדן זאַץ.“

„היימיש“ — תל אביב — (מ. גראָסמאַן)

... יאָ, ס'איז דאָ סיזשעט און אַ העלדין און אַ דראַמאַטישע פּאַ־סירונג, און נאַטור־שילדערונג און שטימונג — און אין געוויסע שטעלן דאַכט זיך דיר, אַז מ'האָט צו טון מיט אַ געניטן ראַסאָוון שרייבער. — אָבער פּלוצים קומט אַ שטרויכלונג, אַ נאַאיוויטעט. — — — אָבער אַ גוצלעך בוך איז עס דערפאַר, ווייל ס'גיט איבער דעם לעבנסשטייגער און מ'פילט — דעם סאָוועטישן אַראָמאַט, דעם רעזשים־קלימאַט.“

„קענעדער אָדלער“ — מאָנטרעאַל — מלך ראַוויטש

„... דאָס שרייבן פון מנוחה ראָס האָט אַ קינסטלערישן אַראָמאַט, צימצום, מוזיקאַלישקייט איבערצוגעבן דיאַלאָגן, בילדערישקייט און — בעיקר — שרייבעריש־דערציילעריש־קינסטלעריש געמיט.

... די דערציילונג איז אַן עדות פון אמתן צאַרטן שרייבערישן פּראָזע־טאַלאַנט.

... און דער קולטור־קאָנגרעס מוז ממשיך זיין די סעריע, כאָטש אַ 20 ביכלעך אַ יאָר“.

„די יידישע פּאָסט“ — מעלבורן — י. ראַפּאָפּאָרט

... „אַ פיינער אויפטו, וואָס אויך אַנדערע ישובים וואָלטן געמעגט נאָכטאָן. אַזאַ ביבליאָטעק דערמוטערט דעם שרייבער (באַזונדערס דעם יונגן) צו אַרבעטן.

... מנוחה ראָס פאַרמאָגט די הויפט־פעאיקייט פון אַ בעלעטריסט צו מאַכן לעבעדיק מענטשן — מיט זייער גאַנצער אויסערלעכער און אינערלעכער אַטמאָספער — דורך אַ קליינעם דיאַלאָג. באַזונדערס איז ביי איר גוט דער דיאַלאָג. ער רייסט אויף, ווי בליצן, דעם האָריזאָנט פון אירע פערזאָנען און באַלייכט פאַר אונדז די מענטשן, ביז אין זייערע אינטימע טיפענישן.

... הגם אין דער דערציילונג איז דאָ מער שטייגער־שילדערונג, ווי

אַקציע, דאָך לייענט זיך עס מיט אינטערעס און די מענטשן ווערן אייך נאָענט, אינטים־באַקאַנט, איר באַקומט זיי ליב".

„פאָלקסבלאַט" — תל אביב — (גר) ודבערג

„...ביידע ביכלעך זענען עסטעטיש אַרויסגעגעבן און רופן אַרויס צוטרוי צו דער ערנסטקייט פון דער אונטערנעמונג.

... ווילט זיך טאַקע באַגריסן די איניציאַטיוו פון די יידישע קולטור־טוער אין פראַנקרייך און ווינטשן, אַז זייער אונטערנעמונג זאָל האָבן אַריכת־ימים. עולה יפה זיין און אַריינברענגען אַן אָנזעעוודיקע יידישע אויפֿלעבונג אין יידישן קולטור־לעבן אין פראַנקרייך."

„די יידישע שטימע" — לאָנדאָן.

... „עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע געביט איז ביי אונד געווען פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפונקט פאַרנאַכלעסיקט. ביכער זענען פריער טאַקע דערשינען, אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרן אויף אייגענער איניציאַטיוו פון מחבר. — — — איצט איז דער קולטור־קאָנגרעס אין פאַריז צוגעטרעטן צו אַזאַ וויכטיקער ליטעראַרישער אַרבעט, פאַרדינט ער טאַקע אַ יישר כוח.

„אונדזער וואָרט" — פאַריז — ל. דאָמאַנקעוויטש

וועגן : „דער קאַרשנבוים"

... אַ. ווייץ באַווייזט פאַר אונדז צו אַנטפּלעקן אַ פראַגמענט פון די מיסטעריעס פון פאַריז, וואָס וועלן אפשר תמיד בלייבן כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער שטאָט.

... ווייץ בלייבט תמיד דער געניטער דערציילער.

וועגן : „ווייטער פון טראַקט"

... דעם מעלאַנכאָלישן נשמה־געמיש גיט אונדז מנוחה ראָס סיי דורך דערציילן קורצע עפּיזאָדן און אָפּגעהאַקטע שמועסן צווישן די פּויערים, סיי דורך אַן עפּישער פאָרם פון דערציילן, וואָס מאַכט, אַז מיר גייען גלייך אַריין אין תוך פון ענינים און וואָס פאַרבינדן אונדז אינטים מיט די פּערסאָנאַזשן.

## „אונדזער שטימע" — פּאַריז — באָר—פּרען

... „אין דער גרעסערער דערציילונג „ווייטער פון טראַקט" איז פּאַראַן נישט בלויז דער זעלבער טאָן פון איר אַרט שרייבן, נאָר אויך אַן ענלעכע טעמאַטיק, מיליע, קלימאַט און די פּערזאָנאַזשן, זיינען פון זעלבן מין. שוין פון די „ווינטן" האָט אַ בלאָז געטאָן מיט אַ נייעם טאָן. „ווייטער פון טראַקט" באַווייזט בולטער איר באַזונדערן גאַנג.

דאָס זיינען מעלות פון איר שרייבן, אַפילו ווען עס זיינען פאַראַן שוואַכקייטן, וועלכע זיינען נאַטירלעך פאַר אַ יונגן שרייבער. אָבער וואָס עס איז ווערטפול — אַז דאָס פּערזענלעכע און דאָס אָפּפרישנדיקע, און דעם אופן ווי אַזוי מנוחה ראַם גיט איבער סיי דעם אַרום, סיי די לאַנדשאַפט און סיי די פּערזאָנאַזשן. זי דריקט עס אויס אין אַ זייער ממש קאָנדענסירטער, ממש קאַרגהאַפטיקער שפּראַך־פאָרם — אָן מינדעסטער מליצה".

## פראַנצויזישער ראַדיאָ — יידישע עמיסיע — ב. שלעווין

... מנוחה ראַם איז זייער מענטשלעך איבערגענומען פון ליידן. — — — דאָס סימפּאַטישע אין דעם גאַנצן דערציילן אין דווקא דאָס נישט פּאָליטיזירן, נאָר דאָס שילדערן, דאָס ווייזן דאָס רעאַלע פון לעבן, ווי זיי זענען איינגעזאַפּט געוואָרן דורך איר וואַכן חוש פון באַאָבאַכטן, דורך איר געמיט.

... דאָס ביכל פון מנוחה ראַם, געשריבן מיט טאַלאַנט, איז נאָך איין ווינקעלע פון יידישע ליידן אין דער מלחמה־צייט, צווישן אַנדערע ליידנדיקע מענטשן".

## „אונדזער קיום" — פּאַריז

„מנוחה ראַם איז אַ פּנים הדשות אין דער יידישער ליטעראַטור. ביז איצט פלעגט מען האָבן די געלעגנהייט צו זען פון צייט צו צייט אירס אַ דערציילונג אויף די שפּאַלטן פון יידישע זשורנאַלן. די דערציילונגען האָבן געשילדערט דאָס לעבן אינעם רוסישן דאָרף אויף פאַרשיקונג. אויך „ווייטער פון טראַקט" גיט אַ בילד פון רוסישן דאָרף, אויפן פאָן פון דער לעצטער מלחמה. דאָס איז אַ שטאַרק רעאַליסטישע דערציילונג, רייך אין קאָלאָריט, פּייזאַזש, כאַראַקטערן. עס פילט זיך אויף יעדן פון די 72 זייטלעך פונעם ביכל אַ געניט אויג אַ רייפער עפּישער אָטעם".

„אונדזער קיום“ — א. שולמאַן

... „די זעקס דערציילונגען פון אברהם ווייץ זענען אַ וויטערדיקער שטאַפּל אין זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען. די דערציילונג „אין אַ פּאַסאַזש“ באַזיצט אמת'ע מייסטערהאַפטע, קאָנדענסירטע שילדערונגען. ווייץ האָט דאָ מיט קורצע און מיט האַסטיקע ליניעס, וועלכע דערגייען אַזש צו דער געצווימטקייט פון פּונקטן, אויפגעמאָלן אַ בולט און אַ לעבעדיק בילד פון פּאַריזער דלות און פון מענטשלעכער פּאַרלוירנקייט. שטיל, פייערלעך און טיף־אויפטרייסלענדיק איז די שווייגנדיקע סצענע ביים פּאַרקן פון דער געשטאָרבענער שלום אַשישע וויללע.

... דער שליסל צו ווייצ'ס שרייבן ליגט טאַקע אין דעם וואָרט „נישט־ראַפינירטקייט“. ווייץ פּאַרדעקט נישט די עמאָציאָנעלקייט פון זיינע העלדן מיט קיין שום היל־מאַנטלען און פירט זיי נישט אין קיין טאָלן פון אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט. די בילדער, וועלכע רינגלען אים אַרום זענען געפּל־בילדער, וואָס נעמען אָן לעבעדיקע פּאָרמען בלויז אין מינוטן פון אַ טיפער בענקשאַפט נאָך דער פּאַרלוירענער צייט. אָבער אין סאַמע מיטן פון אַזאַ מין וויזיע דערלאַנגט אַ בלאַסק אַרוים די קאַלטע ליידיקייט“.

# מיניאַטור־ביבליאָטעק

## ד ע ר ש י נ ע ן

1 — אברהם ווייץ — „דער קאַרשנבוים" — נאָוועלן
2 — מנוחה ראַם — „ווייטער פון טראַקט" — דערציילונג
3 — ל. דאָמאַנקעוויטש — „צעשאָטענע קערנער" — עסייען

## ב ק ר ו ב   ד ע ר ש י י נ ט

פערל האַלטער — „יונגע טעג" — לידער

*

## אויסגאַבעס פון קולטור-קאָנגרעס אין פראַנקרייך:

1 — קינדער־אַרבעטן וועגן שלום־עליכמען
2 — צוויי דובנאָוו־קאַרטלעך
3 — אַ דובנאָוו־פּאָרטרעט
4 — הונדערט יאָר דובנאָוו — ביאָגראַפיע און עסיי